


# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

3

מינסק — 1937

פראָלעטאריער פונ אַלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 3 — דרײַצנטער יאָרגאנג — 1937 מארט

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ וססר

## י. וו. סטאַלינ

# וועגנ די פעלערנ פונ דער פארטיי-ארבעט און די מאָסמיטלענ צו ליקווידירנ די טראָצקיסטישע און אנדערע צוויי-פענעמדיקע

**פאָרטראג אפנ פלענום פונ צק אלקפּ(ב) דעמ 3-טנ מארט 1937 י.**

כאוויירימ!

פונ די פאָרטראגנ און דעבאטנ איבער זיי, וואָס זײַנענ אויסגעהערט געוואָרנ אפנ פלענום, איז צו זענ, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט פאָלגנדיקע דרײַ גרונט-פאקטנ.

ערשטנס, די שעדיקערישע און דיווערסיאָנעל-שפּיאָנישע ארבעט פונ די אגענטנ פונ אויסלענדישע מעלוכעס, וואָס צווישנ זיי האָבנ א גאנצ אקטיווע ראָליע געשפּילט די טראָצקיסטנ, האָט אָנגערירט אינ דער אָדער יענער מאָס אַלע אָדער קימאַט אַלע אונדזערע אָרגאניזאציעס, סײַ די ווירטשאפטלעכע, אזוי אויכ די אדמיניסטראטיווע און די פארטייִשע.

צווייטנס, די אגענטנ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס, דערינ די טראָצקיסטנ, זײַנענ ארײַנגעדרונגענ ניט נאָר אינ די אונטערשטע אָרגאניזאציעס, נאָר אויכ אפ אייניקע פאראנטוואָרטלעכע פּאָסטנס.

דריטנס, אייניקע אָנפירנדיקע כאווייריִמ אונדזערע, סײַ אינ צענטער, אזוי אויכ אפ די ערטער, האָבנ ניט נאָר ניט געקאָנט דערזענ דעמ עמעסנ פּאָנעמ פונ די דאָזיקע שעדיקער, דיווערסאנטנ, שפּיאָנענ און מערדער, נאָר זיי זײַנענ געווענ אזוי-פיל זאָרגלאָז, ווילמוטיק און נאַיִוו, אז ניט זעלטנ פלעגנ זיי אַליינ מיטהעלפנ דורכצורוקנ די אגענטנ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס אפ די אָדער יענע פאראנטוואָרטלעכע פּאָסטנס.

דאָס זײַנענ די דרײַ אומבאשטרײַטבארע פאקטנ, וואָס דרינגענ ארויס נאטירלעכ פונ די פאָרטראגנ און פונ די דעבאטנ איבער זיי.

I

# פּאָליטישע זאָרגלאָזיקײַט

מיט וואָס דערקלערט מענ, וואָס אונדזערע אָנפירנדיקע כאַווײרים, וועלכע האָבנ א רײַכע דערפאַרונג פונ קאמפ קעגנ אלערלײ אנטיפּאַרטײיִשע אונ אנטיסאָוועטישע שטרעמונגענ, האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אינ געגעבענעם פאַל אזוי נאַיִוו אונ בלינד, אז זײ האָבנ ניט געקאָנט דערזעהנ דעמ עמעסנ פּאָנעם פונ די סאָנימ פונ פאָלק, האָבנ ניט געקענט דערקאָנענ די וועלפ אינ א שעפּסנ־פעל, האָבנ ניט געקענט אראָפּרײַסנ פונ זײ די מאסקע?

צי קענ מענ באהויפּטנ, אז די שעדיקערישע אונ דיווערסיאָנעל־שפּיאָנישע ארבעט פונ די אגענטנ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס, וואָס זײַנענ טעטיק אפ דער טעריטאָריע פונ פּססר, קענ פאַר אונדז זײַנ עטוואָס אזוינס, וואָס איז אומדערוואַרט אונ ניט געוועזנ. ניינ, מע קענ דאָס ניט באהויפּטנ. וועגנ דעמריידנ די שעדיקערישע אקטנ אינ פאַרשיידענע צווײַגנ פונ דער פאָלקסווירטשאַפט פאַר די לעצטע 10 יאָר, אָנהייבנדיק פונ שאכטינער פּעריאָד, וואָס זײַנענ פאַרפיקסירט אינ די אָפיציעלע דאָקומענטנ.

צי קענ מענ באהויפּטנ, אז פאַר דער לעצטער צײַט זײַנענ בא אונדז ניט געוועזנ קײנ וועלכע ניט איז פאַרהיטנדיקע סיגנאַלנ אונ וואָרענענדיקע אָנווײַזונגענ וועגנ דער שעדיקערישער, שפּיאָנישער אָדער טעראָריסטישער טעטיקײַט פונ די טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע אגענטנ פונ פאַשיזמ? ניינ, מע קאָנ דאָס ניט באהויפּטנ. אזוינע סיגנאַלנ זײַנענ געווענ, אונ באָלשעוויקעס האָבנ ניט קײנ רעכט צו פאַרגעסנ וועגנ זײ.

דאָס גאזלאָנישע דערמאָרדנ דעמ כאַווער קיראָוו איז געווענ די ערשטע ערנסטע וואָרענונג, וואָס רעדט וועגנ דעמ, אז די סאָנימ פונ פאָלק וועלנ זײַנ צווייפּנעמדיק אונ, זײַנענדיק צווייפּנעמדיק, וועלנ זײ זיכ מאסקירנ פאַר א באָלשעוויק, פאַר א פּאַרטייער, כדי אריַנצוקריכנ אינ צוטרוי אונ עפענענ פאַר זיכ א צוטריט אינ אונדזערע אָרגאניזאציעס.

דער געריכט־פּראָצעס פונ „לענינגראַדער צענטער“, דאָסגלײַכנ דער געריכט־פּראָצעס פונ „זינאָוויעוו־קאַמעניעוו“ האָט געגעבנ א נײַע באַגרינדונג די לעקציעס, וואָס דרינגענ ארויס פונעמ פאַקט פונ גאזלאָנישנ דערמאָרדנ דעמ כאַווער קיראָוו.

דער געריכט־פּראָצעס פונעמ „זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישנ בלאָק“ האָט פאַרברייטערט די לעקציעס פונ די פאָריקע פּראָצעסנ, באווײַזנדיק באשײַמפּערלעכ, אז די זינאָוויעווצעס אונ די טראָצקיסטנ פאַרייניקנ ארומ זיכ אלע פײַנטלעכע בורזשואזע עלעמענטנ, אז זײ האָבנ זיכ פאַרוואַנדלט אינ א שפּיאָנישער אונ דיווערסיאָנעל־טעראָריסטישער אגענטור פונ דער דײַטשישער פּאָליצײיִשער אָכראַנקע, אז צווייפּנעמדיקײַט אונ מאסקירונג זײַנענ דער איינציקער מיטל פונ די זינאָוויעווצעס אונ טראָצקיסטנ אפ אריַנצודרינגענ אינ אונדזערע אָרגאניזאציעס, אז וואכזאמקײַט אונ פּאָליטישע שארפזיכטיקײַט שטעלנ פאָר אנ אמערסטנ זיכערנ מיטל אפ ניט צו דערלאָזנ אזא אריַנדרינגענ, אפ צו ליקווידירנ די זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישע באנדע.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פונ אלקפּ(ב) האָט אינ זײַנ פאַרמאכטנ בריוו פונ 18־טנ

יאַנוואַר 1935 יאָר בענעגייע דעמ גאַזלאָנישנ דערמאָרדנ דעמ כאַווער קיראָוו, קאַטעגאָריש געוואָרנט די פארטייִשע אָרגאַניזאַציעס פונ פּאָליטישער ווילמוטיקייַט אונ פונ באַלעבעסלדיקער גענעצערייַ. אינעמ פארמאַכטנ בריוו איז געזאָגט געוואָרנ:

„מע דארפ פארענדיקנ מיט דער אָפּאָרטוניסטישער ווילמוטיקייַט, וואָס שטאַמט פונ דער פעלערהאַפטער האַשאָרע וועגנ דעמ, אַז לויט דעמ, ווי עס וואַקסנ אונדזערע קרעפטנ, ווערט דער סוינע קלוימערשט אַלצ מער צוגעלאָזנ אונ ניט שעדלעכ. אַזאַ האַשאָרע איז אינ גרונט ניט ריכטיק. זי איז אַנ אָפּגרעבצ פונעמ רעכטנ אָפּנויג, וואָס פארזיכערט אַלצ אונ אַלעמענ, אַז די סאָנימ וועלנ שטילינקערהייט ארייַנפויזענ אינ סאָציאַליזמ, אַז זיי וועלנ ווערנ סאָפּקאָל־סאָפּ עמעסע סאָציאַליסטנ. ס'איז ניט די זאַכ פונ באָלשעוויקעס צו רוענ אַפּ לאָרבער־קרענצ אונ גענעצנ. ניט קיינ ווילמוטיקייַט דארפנ מיר, נאָר וואַכזאַמקייַט, עמעסע באָלשעוויסטישע רעוואָליוציאָנערע וואַכזאַמקייַט. מע דארפ געדענקענ, אַז וואָס האָפענונגסלאָזער עס איז די לאַגע פונ די סאָנימ, אַלצ מער גערנ וועלנ זיי זיכ אָנכאַפּנ פאַר עקסטרעמע מיטלענ, אַלס איינציקע מיטלענ פונ פארורטיילטע אינ זייער קאַמפּ קעגנ דער סאָוועטנמאַכט. מע דארפ עס געדענקענ אונ זייַנ וואַכזאַמ".

אינ זייַנ פארמאַכטנ בריוו פארנ 29־טנ יול 1936 יאָר בענעגייע דער שפּיאָניש־טעראָריסטישער טעטיקייַט פונעמ טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישנ בלאָק האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פונ אַלקפּ(ב) ווידער גערופנ די פארטייִשע אָרגאַניזאַציעס צו מאַקסימאַלער וואַכזאַמקייַט, צו קענענ דערקענענ די סאָנימ פונ פאָלק, ווי גוט זיי זאָלנ ניט זייַנ פארמאַסקירט. אינעמ פארמאַכטנ בריוו איז געזאָגט געוואָרנ:

„איצט, ווענ עס איז דערוויזנ געוואָרנ, אַז די טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע אויסוואורפנ פאַראייניקנ אינ קאַמפּ קעגנ דער סאָוועטנמאַכט אַלע אַמערסטנ צערייצטע אונ פארביסענע סאָנימ פונ די ארבעטנדיקע פונ אונדזער לאַנד,—די שפּיאָנענ, פּראָוואָקאַטאָרנ, דיווערסאַנטנ, די ווייַסגוואַרדייער, באַלעגופימ א.א.וו., ווענ צווישנ די דאָזיקע עלעמענטנ, פונ איינ זייַט, אונ די טראָצקיסטנ אונ זינאָוויעווצעס, פונ דער צווייטער זייַט, זייַנענ אָפּגעווישט געוואָרנ אַלערליי גרענעצנ,—דארפנ אַלע אונדזערע פארטייִשע אָרגאַניזאַציעס, אַלע פארטיי־מיטגלידער פארשטיינ, אַז די וואַכזאַמקייַט פונ די קאָמוניסטנ איז נייטיק אַפּ יעטווידער באַצירק אונ אינ יעטווידער אומגעבונג. די אָרגאַנישע אייגנשאַפט פונ יעדנ באָלשעוויק אינ די איצטיקע באַדינגונגענ דארפ זייַנ דאָס קענענ דערקענענ דעמ סוינע פונ דער פארטיי, ווי גוט ער זאָל ניט זייַנ פארמאַסקירט".

הייסט עס, סיגנאַלנ אונ וואָרענונגענ זייַנענ געווענ.

צו וואָס האָבנ גערופנ די דאָזיקע סיגנאַלנ אונ וואָרענונגענ?

זיי האָבנ גערופנ צו דעמ, מע זאָל ליקווידירנ די שוואַכקייַט פונ דער פארטייִש־אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבעט אונ פארוואַנדלענ די פארטיי אינ א ניט צוטריטלעכער פעסטונג, וווהינ עס זאָל ניט קענענ ארייַנדרינגענ קיינ איינ צווייפּנעמדיקער.

זיי האָבנ גערופנ צו דעמ, אַז מע זאָל פארענדיקנ מיטנ ניט דערשאַצנ די פארטייִש־פּאָליטישע ארבעט אונ מאַכנ אַנ אַנטשיידענעמ קער אינ דער זייַט פונ ווי

ווײַט מעגלעכ פארשטארקנ אזא ארבעט, אינ דער זײַט פונ פארשטארקנ די פּאָליטישע וואכזאמקײַט.

איז וואָס־זשע? די פאקטנ האָבנ באוויזנ, אז די סיגנאלנ אונ וואָרענונגענ פלעגנ אופגענומענ ווערנ פונ אונדזערע כאווײרימ מער ווי שווער.

וועגנ דעמ רײדנ בוילעט די אלעמענ באוווסטע פאקטנ פונעמ געביט פונ דער קאמפּאניע אפ דורכקאָנטראָלירנ אונ אומבײַטנ די פארטײ־דאָקומענטנ.

מיט וואָס דערקלערט מענ, וואָס די דאָזיקע וואָרענונגענ אונ סיגנאלנ האָבנ ניט געהאט די געהעריקע ווירקונג?

מיט וואָס דערקלערט מענ, וואָס אונדזערע פארטײיִשע כאווײרימ, ניט געקוקט אפ זײער דערפארונג פונ קאמפ קעגנ די אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ, ניט געקוקט אפ א גאנצע רײ פארהיסנדיקע סיגנאלנ אונ וואָרענענדיקע אָנווײַזונגענ, האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אלס פּאָליטיש קורצזיכטיקע אינ אָנבליק פונ דער שעדיקערישער אונ שפּיאָניש־דיווערסיאָנעלער ארבעט פונ די סאָנימ פונ פאָלק?

עפשער זײַנענ אונדזערע פארטײיִשע כאווײרימ געוואָרנ ערגער ווי זײ זײַנענ געווענ פריִער, זײַנענ געוואָרנ ווײניקער באוווסטזיניק אונ דיסציפּלינירט? נײנ, געוויס, נײנ!

עפשער האָבנ זײ אָנגעהויבנ איבערגעבוירנ ווערנ? ווידעראמאָל נײנ! אזא האשאָרע האָט ניט קײנ שומ גרונט.

טאָ אינ וואָס־זשע איז די זאכ? פונ וואנענ נעמט זיכ אזא גענעצערײַ, זאָרגלאָזיקײַט, ווילמוטיקײַט, בלינדקײַט?

די זאכ איז אינ דעמ, וואָס אונדזערע פארטײיִשע כאווײרימ, זײַנענדיק פארכאפּט מיט די ווירטשאפטלעכע קאמפּאניעס אונ מיט די קאָלאָסאלע דערפאָלגנ אפנ פראָנט פונ דער ווירטשאפטלעכער בויונג, האָבנ פּאָשעט פארגעסנ וועגנ אײניקע זײער וויכטיקע פאקטנ, וועגנ וועלכע באָלשעוויקעס האָבנ ניט קײנ רעכט צו פארגעסנ. זײ האָבנ פארגעסנ וועגנ אײנ גרונטלעכנ פאקט פונעמ געביט פונ דער צווישנפעלקערלעכער לאגע פונ פססר אונ האָבנ ניט באמערקט צווײ זײער וויכטיקע פאקטנ, וואָס האָבנ א דירעקטע שײַכעס צו די איצטיקע שעדיקער, שפּיאָנענ, דיווערסאנטנ אונ מערדער, וואָס פארדעקנ זיכ מיטנ פארטײ־בילעט אונ מאסקירנ זיכ פאר א באָלשעוויק.

II

## די קאפּיטאליסטישע ארומרינגלונג

וואָס זײַנענ עס פארא פאקטנ, וועגנ וועלכע עס האָבנ פארגעסנ, אָדער וועלכע עס האָבנ פּאָשעט ניט באמערקט אונדזערע פארטײיִשע כאווײרימ?

זײ האָבנ פארגעסנ וועגנ דעמ, אז די סאָוועטנמאכט האָט געזיגט בלויז אפ אײנ זעקסט־כײלעק פונ דער וועלט, אז פינפ־זעקסטל פונ דער וועלט בילדנ די באזיצנ פונ די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס. זײ האָבנ פארגעסנ, אז דער סאָוועטנפארבאנד געפינט זיכ אינ אנ אומגעבונג פונ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג. בא אונדז איז אָנ־

גענומענ צו פלאפלענ וועגנ דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג, אָבער מע וויל זיכ ניט אריַינטראכטנ, וואָס איז עס פארא מינ זאכ—די קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג. די קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג דאָס איז ניט קיינ פוסטע פראזע, דאָס איז זייער א רעאלע אונ ניט קיינ אָנגענעמע דערשיַינונג. די קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג—דאָס הייסט, אז עס איז פאראנ איינ לאנד, דער סאָוועטנפארבאנד, וואָס האָט בא זיכ איַינגעשטעלט א סאָציאליסטישע אָרדענונג, אונ עס זיַינענ פאראנ, אויסער דעמ, אסאכ לענדער,—בורזשואזע לענדער, וואָס זעצנ פאָר צו פירנ א קאפיטאליסטישנ ארט לעבנ אונ וואָס רינגלענ ארומ דעמ סאָוועטנפארבאנד, אויסווארטנדיק א צופאל פאר דעמ, כּדי צו אָנפאלנ אפ אימ, צעקלאפנ אימ אָדער, יעדנפאלס, ארונטעריַיסנ זיַינ מעכטיקייַט אונ אָפשוואכנ אימ.

וועגנ דעמ גרונט-פאקט האָבנ פארגעסנ אונדזערע כאווײרימ. אונ גראָד ער טאקע באשטימט דאָכ דעמ יעסאָד פונ די צווישנבאציִונגענ צווישנ דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג אונ דעמ סאָוועטנפארבאנד.

לאָמיר נעמענ, צומ בייַשפיל, די בורזשואזע מעלוכעס. נאיִווע מענטשנ קענענ א טראכט טאָנ, אז צווישנ זיי עקזיסטירנ אויסשליסלעכ גוטע באציִונגענ, ווי צווישנ מעלוכעס פונ איינ טיפ. אָבער אזוי קענענ טראכטנ בלויז נאיִווע מענטשנ. אינדערעמעסנ זיַינענ די באציִונגענ צווישנ זיי מער ווי וויַיט פונ גוט־שכיינישע באציִונגענ. ס'איז דערוויזנ געוואָרנ, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אז די בורזשואזע מעלוכעס שיקנ אריַינ איינע צו די אנדערע אינ הינטערלאנד זייערע שפיאָנענ, שעדיקער, דיווערסאנטנ אונ צומאָל אויכ מערדער, גיבנ זיי א פארגעבונג אריַינצודרינגענ אינ די אנשטאלטנ אונ אונטערנעמונגענ פונ די דאָזיקע מעלוכעס, שאפנ דאָרטנ אנ אייגענע נעצ אונ „אינ פאל פונ נויט"—אופריַיסנ זייערע הינטערלענדער, כּדי צו אָפשוואכנ זיי אונ ארונטעריַיסנ זייער מעכטיקייַט. אזוי איז די לאגע אינ איצטיקער צייַט. אזוי איז געווענ די לאגע אויכ אינ דער פארגאנגענהייַט. לאָמיר נעמענ, צומ בייַשפיל, די מעלוכעס אינ אייראָפע, אינ די צייַטנ פונ נאפאָלעאָנ דעמ ערשטנ. אינ פראנקריַיכ האָט דאנ געשוויבלט אונ געגריבלט פונ שפיאָנענ אונ דיווערסאנטנ פונעמ לאגער פונ רוסנ, דייַטשנ, עסטריַיכער, ענגלענדער. אונ, פארקערט, ענגלאנד, די דייַטשישע מעלוכעס, עסטריַיכ, רוסלאנד האָבנ דעמאָלט געהאט אינ זייער הינטערלאנד ניט קיינ קלענערע צאָל שפיאָנענ אונ דיווערסאנטנ פונעמ פראנצויזישנ לאגער. די אגענטנ פונ ענגלאנד האָבנ צוויי מאָל איַינגעאָרדנט אטענטאטנ אפ נאפאָלעאָנס לעבנ אונ האָבנ עטלעכע מאָל אופגעהויבנ די וואנדייער פויערימ אינ פראנקריַיכ קעגנ נאפאָלעאָנס רעגירונג. אונ וואָס האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט נאפאָלעאָנס רעגירונג? א בורשואזע רעגירונג, וואָס האָט דערשטיקט די פראנצויזישע רעוואָליוציע אונ האָט פארהיט בלויז יענע רעזולטאטנ פונ דער רעוואָליוציע, וואָס האָבנ געלוינט דער גרויסבורזשואזיע. ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידנ, אז נאפאָלעאָנס רעגירונג איז ניט געבליבנ א באלכויוו בא אירע שכיינימ אונ האָט אויכ אונטערגענומענ אייגענע דיווערסיִאנעלע מאָסמיטלענ. אזוי איז געווענ אינ דער פארגאנגענהייַט, מיט 130 יאָר צוריק. אזוי איז די לאגע איצט אינ 130 יאָר ארומ נאָכ נאפאָלעאָנ דעמ ערשטנ. איצט שוויבלט אינ פראנקריַיכ אונ אינ ענגלאנד מיט דייַטשישע שפיאָנענ אונ דיווערסאנטנ אונ, פארקערט, אינ דייַטשלאנד האלטנ זיכ אופ, פונ זייער זייַט, ענג-

ליש-פראנצויזישע שפּיאָנען און דיווערסאנטן. אין אמעריקע שווימלט מיט יאפּאָנישע שפּיאָנען און דיווערסאנטן און אין יאפּאָניע—מיט אמעריקאנישע.

אזא איז דער געזעץ פון די צווישנבאציִונגען-צווישן די בורזשואזע מעלוכעס.

פרעגט זיך, פאַרוואָס זאָלן די בורזשואזע מעלוכעס באציִען זיך צו דער סאָוועטישער סאָציִאליסטישער מעלוכע מער ווייך און מער גוט-שכייניש, ווי צו די איינטיפּישע בורזשואזע מעלוכעס? פאַרוואָס זאָלן זיי אַרײַנשיקן אין די הינטערלענדער פון סאָוועטנפאַרבאַנד ווייניקער שפּיאָנען, שעדיקער, דיווערסאנטן און מערדער, ווי זיי שיקן זיי אַרײַן אין די הינטערלענדער פון די צו זיי קרויווישע בורזשואזע מעלוכעס? פון וואַנען האָט איר עס גענומען? צי וועט ניט זײַן ריכטיקער, פון שטאַנדפּונקט פון מאַרקסיזם, צו רעכענען, אז אין די הינטערלענדער פון סאָוועטנפאַרבאַנד דאַרפן די בורזשואזע מעלוכעס אַרײַנשיקן אין צווייען און אין דרײַען מער שעדיקער, שפּיאָנען, דיווערסאנטן און מערדער ווי אין די הינטערלענדער פון אַ וועלכער ניט איז בורזשואזער מעלוכע?

צי איז דען ניט קלאָר, אז כּל-זמן עס עקזיסטירט אַ קאַפּיטאַליסטישע אַרומרינגלונג, וועלן בא אונדז עקזיסטירן שעדיקער, שפּיאָנען, דיווערסאנטן און מערדער, וועלכע ווערן אַרײַנגעשיקט אין אונדזערע הינטערלענדער דורך די אַגענטן פון די אויסלענדישע מעלוכעס?

וועגן דעם אַלעמען האָבן פאַרגעסן אונדזערע פּאַרטיי-כאַווערים און, פאַרגעסנדיק וועגן דעם, זײַנען זיי געטראָפן געוואָרן אומגעריכט.

אָט פאַרוואָס די שפּיאָניש-דיווערסיאָנעלע אַרבעט פון די טראָצקיסטישע אַגענטן פון דער יאַפּאָניש-דײַטשישער פּאָליצײַ-אָכראַנקע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אייניקע באַווײַרים אונדזערע אַלס אַ פולקאָמע אומדערוואַרטקײַט.

III

## דער הײַנטצײַטיקער טראָצקיזם

ווײַטער. פירנדיק אַ קאַמף קעגן די טראָצקיסטישע אַגענטן, האָבן אונדזערע פּאַרטיי-כאַווײַרים ניט באַמערקט, האָבן פאַרזען, אז דער איצטיקער טראָצקיזם איז שוין ניט דער, וואָס ער איז געווען, לאָמיר זאָגן, מיט אַ יאָר 7—8 צוריק, אז דער טראָצקיזם און די טראָצקיסטן האָבן פאַר דער דאָזיקער צײַט דורכגעמאַכט אַן ערנסטע עוואָליוציע, וואָס האָט אין וואָרצל געענדערט דאָס פּאָנעם פונעם טראָצקיזם, אז צוליב דעם דאַרפן אויך דער קאַמף קעגן טראָצקיזם, די מעטאָדן פון קאַמף קעגן אים אין וואָרצל געענדערט ווערן. אונדזערע פּאַרטיי-כאַווײַרים האָבן ניט באַמערקט, אז דער טראָצקיזם האָט אויפגעהערט צו זײַן אַ פּאָליטישע שטרעמונג אינעם אַרבעטער-קלאַס, אז פון אַ פּאָליטישער שטרעמונג אינעם אַרבעטער-קלאַס, אַ וועלכער ער איז געווען מיט 7—8 יאָר צוריק, האָט זיך דער טראָצקיזם פאַרוואַנדלט אין אַ צעיושעטער און פּרינציפּלאָזער באַנדע שעדיקער, דיווערסאנטן, שפּיאָנען און מערדער, וואָס אָפּערירן לויט די פאַרגעבונגען פון די אויסשפּיר-אָרגאַנען פון די אויסלענדישע מעלוכעס.

וואָס איז אזוינס א פאָליטישע שטרעמונג אינעמ ארבעטער־קלאס? א פאָליטישע שטרעמונג אינעמ ארבעטער־קלאס—דאָס איז אזא גרופע אָדער פארטיי, וואָס האָט איר באשטימטע פאָליטישע פיזיאָנאָמיע, א פלאטפאָרמ, א פראָגראמ, וואָס באהאלט ניט און קאָנ ניט באהאלטנ אירע אָנשויונגענ פונעמ ארבעטער־קלאס, נאָר פארקערט, זי פראָפאגאנדירט אירע אָנשויונגענ אָפנ און אָרנטלעך, פאר די אויגנ פונ ארבעטער־קלאס, וועלכע האָט ניט מוירע צו באווייַזנ איר פאָליטישנ פאָנעמ דעמ ארבעטער־קלאס, האָט ניט מוירע צו דעמאָנסטרירנ אירע ווירקלעכע צילנ און אופגאבעמ פארנ ארבעטער־קלאס, נאָר פארקערט, אָפנ, ניט מאסקירנדיק זיך, גייט זי אינעמ ארבעטער־קלאס, קעדיי צו איבערצייַגנ אימ אינ דער גערעכטיקייַט פונ אירע אָנשויונגענ. דער טראָצקיזמ איז אינ דער פארגאנגענהייַט, מיט א יאָר 7—8 צוריק, געווענ איינע פונ אזוינע פאָליטישע שטרעמונגענ אינעמ ארבעטער־קלאס, עמעס, אנ אנטילענינישע און דעריבער א טיפ־פעלערהאפטע, אָבער דאָך א פאָליטישע שטרעמונג.

צי קאָנ מענ זאָגנ, אז דער איצטיקער טראָצקיזמ, דער טראָצקיזמ, לאָמיר זאָגנ, פונ 1936 יאָר, איז א פאָליטישע שטרעמונג אינעמ ארבעטער־קלאס? ניינ, מע קענ דאָס ניט זאָגנ. פארוואָס? דערפאר, ווייַל די הייַנטצייַטיקע טראָצקיסטנ האָבנ מוירע צו באווייַזנ דעמ ארבעטער־קלאס זייער ווירקלעכנ פאָנעמ, האָבנ מוירע צו אנטדעקנ פאר אימ זייערע ווירקלעכע צילנ און אופגאבעס, באהאלטנ פלייַסיק פונעמ ארבעטער־קלאס זייער פאָליטישע פיזיאָנאָמיע, מוירע האָבנדיק, אז אויב דער ארבעטער־קלאס וועט זיך דערוויסנ וועגנ זייערע ווירקלעכע קאוואָנעס, וועט ער זיי פארשילטנ, ווי מענטשנ פרעמדע, און וועט זיי אוועקטרייַבנ פונ זיך. דערמיט, אייגנטלעך, דערקלערט זיך טאקע, וואָס דער גרונט־מעטאָד פונ דער טראָצקיסטישער ארבעט איז איצט ניט קיינ אָפענע און אָרנטלעכע פראָפאגאנדע פונ די אייגענע אָנשויונגענ אינעמ ארבעטער־קלאס, נאָר א מאסקירונג פונ די אייגענע אָנשויונגענ, א קנעכטישער און א אונטערלעקערישער לויבגעזאנג פאר די אָנשויונגענ פונ זייערע קעגנער, א פארויסיישע און א פאלשע אויסמישנ מיט בלאָטע די אייגענע אָנשויונגענ.

אפנ געריכט־פראָצעס פונ 1936 יאָר האָבנ קאמעניעוו און זינאָוויעוו, אויב איר וועט זיך דערמאָנענ, קאטעגאָריש אָפגעלייקנט די אָנוועזנהייַט בא זיי פונ א וועלכער ניט איז פאָליטישער פלאטפאָרמ. בא זיי איז געווענ א פולקאָמע מעגלעכקייַט פאנאנדערצוּוויקלענ אפנ געריכט־פראָצעס זייער פאָליטישע פלאטפאָרמ. אָבער זיי האָבנ דאָס ניט געטאָנ; דערקלערנדיק, אז בא זיי איז ניטאָ קיינ שומ פאָליטישע פלאטפאָרמ. עס קאָנ ניט זייַנ קיינ צווייפל, אז זייביידע האָבנ געלייַגט, אָפלייקענענדיק די אָנוועזנהייַט פונ א פלאטפאָרמ בא זיי. איצט זעענ אפילע בלינדע, אז בא זיי איז געווענ אנ אייגענע פאָליטישע פלאטפאָרמ. אָבער פארוואָס האָבנ זיי אָפגעלייקנט די אָנוועזנהייַט פונ א וועלכער ניט איז פאָליטישער פלאטפאָרמ בא זיי? ווייַל זיי האָבנ מוירע געהאט צו אָפדעקנ זייער ווירקלעכנ פאָליטישנ פאָנעמ, זיי האָבנ מוירע געהאט דורכצודעמאָנסטרירנ זייער ווירקלעכע פלאטפאָרמ פונ רעסטאווירנ דעמ קאפיטאליזמ אינ פססר, מוירע האָבנדיק, אז אזא פלאטפאָרמ וועט ארויסרופנ באמ ארבעטער־קלאס אנ עקל.

אפנ געריכט־פראָצעס אינ 1937 יאָר, האָבנ פיאטאקאָוו, ראדעק און סאָקאָלני־

קאָוו זיכ געשטעלט אפ אנ אנדער וועג. זיי האָבנ ניט אָפגעלייקנט די אָנוועזנהײַט פונ א פאָליטישער פלאטפאָרמ בא די טראָצקיסטנ אונ זינאָוויעווצעס. זיי האָבנ אנערקענט די אָנוועזנהײַט פונ א באשטימטער פאָליטישער פלאטפאָרמ בא זיי, האָבנ אנערקענט אונ פאנאנדערגעוויקלט זי אינ זייערע באווײַזנ. אָבער פאנאנדערגעוויקלט זי האָבנ זיי ניט קעדיי צו רופנ דעמ ארבעטער־קלאס, צו רופנ דאָס פאָלק צו אונטערהאלטנ די טראָצקיסטישע פלאטפאָרמ, נאָר קעדיי צו פארשילטנ אונ פארשטעמפלענ זי, ווי א פלאטפאָרמ אנ אנטיפאָלקישע אונ אנ אנטיפראָלעטארישע. רעסטאווירנ דעמ קאפיטאליזמ, ליקווידירנ די קאָלווירטנ אונ די סאָווירטנ, אופשטעלנ די סיסטעמ פונ עקספלואטאציע, א בונד מיט די פאשיסטישע קויכעס פונ דײַטשלאנד אונ יאפאָניע, קעדיי צו דערנענטערנ א מילכאָמע מיטנ סאָוועטנפארבאנד, קעמפנ פאר א מילכאָמע אונ קעגנ דער שאָלעמ־פאָליטיק, טעריטאָריעל צעגלידערנ דעמ סאָוועטנפארבאנד דורכ אָפגעבנ אוקראַינע די דײַטשנ אונ פרימאָריע — די יאפאָנער, צוגרייטנ א מיליטערישע מאפאָלע פונעמ סאָוועטנפארבאנד אינ פאל פונ אנ אָנפאל אפ אימ מיצאד פײַנטלעכע מעלוכעס אונ, אלס מיטל צו דערגרייכנ די דאָזיקע אופגאבעס, — שעדיקערײַ, דיווערסיע, אינדיווידועלער טעראָר קעגנ די אָנפירער פונ דער סאָוועטנמאכט, שפיאָנאזש לטובת די יאפאָניש־דײַטשישע פאשיסטישע קויכעס, — אזא איז די פאָליטישע פלאטפאָרמ פונ איצטיקנ טראָצקיזמ, וואָס עס האָבנ פאנאנדערגעוויקלט פיאטאקאָוו, ראדעק אונ סאָקאָלניקאָוו. עס איז פארשטענדלעכ, אז אזא פלאטפאָרמ האָבנ די טראָצקיסטנ ניט געקענט ניט באהאלטנ פונעמ פאָלק, פונעמ ארבעטער־קלאס. אונ זיי האָבנ זי באהאלטנ ניט נאָר פונעמ ארבעטער־קלאס, נאָר אויכ פונ דער טראָצקיסטישער מאסע, אונ ניט נאָר פונ דער טראָצקיסטישער מאסע, נאָר אפילע פונעמ אָנפירנדיקנ טראָצקיסטישנ קעפל, וואָס איז באשטאנענ פונ ניט קיינ גרויסנ הײַפל מענטשנ פונ 30—40 מאנ. ווענ ראדעק אונ פיאטאקאָוו האָבנ געפאָדערט פונ טראָצקינ א דערלויבעניש אפ צונויפרופנ א קלייניקע קאָנפערענצ פונ טראָצקיסטנ פונ 30—40 מאנ אפ צו אינפאָרמירנ וועגנ דעמ כאראקטער פונ דער דאָזיקער פלאטפאָרמ, האָט זיי טראָצקי דאָס פארווערט, זאָגנדיק, אז עס איז ניט צוועקמעסיק צו ריידנ וועגנ דעמ ווירקלעכנ כאראקטער פונ דער פלאטפאָרמ אפילע פאר א קלייניקנ הײַפל טראָצקיסטנ, ווײַל אזא „אָפעראציע" קאָנ ארויסרופנ א שפאלטונג.

„פאָליטישע טוער", וואָס באהאלטנ זייערע אָנשויונגענ, זייער פלאטפאָרמ ניט נאָר פונעמ ארבעטער־קלאס, נאָר אויכ פונ דער טראָצקיסטישער מאסע, אונ ניט נאָר פונ דער טראָצקיסטישער מאסע, נאָר אויכ פונעמ אָנפירנדיקנ קעפל פונ די טראָצקיסטנ, — אזא איז די פיזיאָנאָמיע פונעמ הײַנטצײַטיקנ טראָצקיזמ.

אָבער פונ דעמ דרינגט ארויס, אז דעמ הײַנטצײַטיקנ טראָצקיזמ קענ מענ שוינ ניט אָנרופנ א פאָליטישע שטרעמונג אינעמ ארבעטער־קלאס.

דער הײַנטצײַטיקער טראָצקיזמ איז ניט קיינ פאָליטישע שטרעמונג אינעמ ארבעטער־קלאס, נאָר א פרינציפלאָזע אונ אידייענלאָזע באנדע שעדיקער, דיווערסאנטנ, אויסשפירער, שפיאָנענ, מערדער, א באנדע פארביסענע סאָנימ פונעמ ארבעטער־קלאס, וואָס אָפערירנ אלס געדונגענע בא די אויסשפיר־אָרגאנענ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס.

אזא איז דער אומבאשטרײַטבארער רעזולטאט פונ דער עוואָליוציע פונ טראָצקיזמ פאר די לעצטע 7—8 יאָר.

אזא איז דער אונטערשייד צווישנ דעמ טראָצקיזמ אינ דער פארגאנגענהײַט און דעמ טראָצקיזמ איצט.

דער פעלער פונ אונדזערע פארטייִשע כאווײרימ באשטייט אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ ניט באמערקט דעמ דאָזיקנ טיפנ אונטערשייד צווישנ דעמ טראָצקיזמ אינ דער פארגאנגענהײַט און דעמ טראָצקיזמ איצט. זיי האָבנ ניט באמערקט, אז די טראָצקיסטנ האָבנ שוינ לאנג אופגעהערט צו זײַנ אידייִשע מענטשנ, אז די טראָצקיסטנ האָבנ זיכ שוינ לאנג פארוואנדלט אינ גאזלאָנימ פונ ברייטנ שליאכ, וואָס זײַנענ פייִק אפ יעטווידער העסלעכקײַט, וואָס זײַנענ פייִק אפ אלדאָס מיִעסע ביז שפּיִאָנאזש און ביז דירעקטנ פאראטנ דעמ אייגענעמ היימלאנד, אבי נאָר אָנפּאסקודיענ דער סאָוועטישער מעלוכע און דער סאָוועטנמאכט. זיי האָבנ עס ניט באמערקט און האָבנ דעריבער ניט געקאָנט באצײַטנס איבערבויענ זיכ, קעדיי צו אָנהויבנ פירנ א קאמפ קעגנ די טראָצקיסטנ אפ א נײַעמ אויפנ, מער אנטשיידנ.

אָט פארוואָס די עקלהאפטע טאטנ פונ די טראָצקיסטנ פאר די לעצטע יאָרנ זײַנענ פאר אייניקע פארטייִשע כאווײרימ אונדזערע געווענ א פולקאָמע אומדערווארטקײַט.

ווײַטער. צולעצט, אונדזערע פארטייִשע כאווײרימ האָבנ ניט באמערקט דאָס, אז צווישנ די איצטיקע שעדיקער און דיווערסאנטנ, וואָס צווישנ זיי שפּילנ די טראָצקיסטישע אגענטנ פונ פאשיזמ א גאנצ אקטיווע ראָליע, פונ איינ זײַט, און די שעדיקער און דיווערסאנטנ פונ די צײַטנ פונ שאכטינער פעריִאָד, פונ דער צווייטער זײַט, איז פאראנ א וועזנטלעכער אונטערשייד.

ערשטנס. די שאכטינער און די פּראָמפּארטייער זײַנענ געווענ מענטשנ אָפנ פרעמדע צו אונדז. דאָס זײַנענ געווענ מערסטנטייל געוועזענע אייגנטימער פונ אונטערנעמונגענ, געוועזענע פארוואלטערס בא די אלטע באלעבאטימ, געוועזענע קאָמפּאניאָנענ פונ אלטע אקציִאָנערע געזעלשאפטנ, אָדער פּאָשעטע אלטע בורזשואזע ספּעציִאליסטנ, אָפנ פײַנטלעכע צו אונדז פּאָליטיש. קיינער פונ אונדזערע מענטשנ האָט ניט געצווייפלט אינ דעמ עמעסנ פּאָליטישנ פּאָנעמ פונ די דאָזיקע הערנ און די שאכטינער אליינ האָבנ ניט באהאלטנ זייער ניט פרײַנטלעכע באציִונג צו דער סאָוועטישער אָרדענונג. מע קענ ניט זאָגנ דאָס זעלבע וועגנ די איצטיקע שעדיקער און דיווערסאנטנ, וועגנ די טראָצקיסטנ. די איצטיקע שעדיקער און דיווערסאנטנ, די טראָצקיסטנ,—דאָס זײַנענ מערסטנטייל מענטשנ פארטייִשע, מיט א פארטיי־בילעט אינ קעשענע,—אליזאָ, מענטשנ פאָרמעל ניט קיינ פרעמדע. אויב די אלטע שעדיקער זײַנענ געגאנגענ קעגנ אונדזערע מענטשנ, איז די נײַע שעדיקער, פארקערט, כאנפענענ זיכ צו אונדזערע מענטשנ, רימענ אונדזערע מענטשנ, לעקנ זיכ אונטער צו זיי, קעדיי ארײַנצושארנ זיכ אינ צוטרוי. דער אונטערשייד איז, ווי איר זעט, א וועזנטלעכער.

צווייטנס. די קראפט פונ די שאכטינער און פּראָמפּארטייער איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ פארמאָגט אינ א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס די נייטיקע טעכנישע קענטענישנ, אינדערצײַט, ווענ אונדזערע מענטשנ, וואָס האָבנ

ניט געהאט אזוינע קענטענישנ, זייַנענ געווענ געצווונגענ צו לערנענ זיכ בא זיי. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט געגעבנ די שעדיקער פונ שאכטינער פעריאָד א גרויסנ פאָרצוג, האָט זיי געגעבנ די מעגלעכקייַט צו שעדיקנ פרייַ אונ ניט געשטערט, האָט זיי געגעבנ די מעגלעכקייַט אָפצונארנ אונדזערע מענטשנ טעכניש. ניט אזוי איז מיט די איצטיקע שעדיקער, מיט די טראָצקיסטנ. בא די איצטיקע שעדיקער איז ניטאָ קיינע טעכנישע פאָרצוגנ אינ באצוג צו אונדזערע מענטשנ. פארקערט, טעכניש זייַנענ אונדזערע מענטשנ מער צוגעגרייט ווי די איצטיקע שעדיקער, ווי די טראָצקיסטנ. פאר דער צייַט פונ שאכטינער פעריאָד ביז אונדזערע טעג זייַנענ בא אונדז אויסגעוואָקסנ צענדליקער טויזנטער עמעסע טעכניש־אונטערגעשמידטע באָלשעוויסטישע קאדרענ. מע וואָלט געקאָנט אָנרופנ טויזנטער אונ צענדליקער טויזנטער טעכניש־אויסגעוואָקסענע באָלשעוויסטישע אָנפירער, וואָס אינ פארגלייַכ מיט זיי זייַנענ די דאָזיקע אלע פיאטאקאָווס אונ ליוושיצעס, שעסטאָווס אונ באָגוסלאווסקיס, מוראלאָווס אונ דראָבניסעס פוסטע פלאפלער אונ שילער פונ צוגרייטונג־קלאס פונ שטאנדפונקט פונ טעכנישער צוגרייטונג. אינ וואָס־זשע באשטייט אפ אזא אויפנ די קראפט פונ די הייַנטצייַטיקע שעדיקער, טראָצקיסטנ? זייער קראפט באשטייט אינעם פארטיי־בילעט, אינעם פארמאָגנ דעם פארטיי־בילעט. זייער קראפט באשטייט אינ דעם, וואָס דער פארטיי־בילעט גיט זיי פאָליטישנ צוטרוי אונ עפנט פאר זיי א צוטריט אינ אלע אונדזערע אנשטאלטנ אונ אָרגאניזאציעס. זייער פאָרצוג באשטייט אינ דעם, וואָס, האָבנדיק פארטיי־בילעטנ אונ פארשטעלנדיק זיכ פאר פרייַנט פונ דער סאָוועטנמאכט, האָבנ זיי אָפגענארט אונדזערע מענטשנ פאָליטיש, האָבנ מיסגעברויכט מיטנ צוטרוי, האָבנ געשעדיקט שטילינקערהייט אונ אנטדעקט אונדזערע מעלוכישע סודעס פאר די סאָנים פונ סאָוועטנפארבאנד. א „פאָרצוג" א צווייפלהאפטער לויט זייַנ פאָליטישנ אונ מאָראלישנ ווערט, אָבער דאָכ א „פאָרצוג". מיט דעם דאָזיקנ „פאָרצוג" דערקלערט זיכ, אייגנטלעכ, יענער אומשטאנד, וואָס די טראָצקיסטישע שעדיקער, אלס מענטשנ מיט א פארטיי־בילעט, וואָס האָבנ א צוטריט אינ אלע ערטער פונ אונדזערע אנשטאלטנ אונ אָרגאניזאציעס, האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אלס א דירעקטער געפינס פאר די אויסשפיר־אָרגאנענ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס.

דער פעלער פונ אייניקע אונדזערע פארטיי־כאווירים באשטייט אינ דעם, וואָס זיי האָבנ ניט באמערקט, האָבנ ניט פארשטאנענ אָט דעם גאנצנ אונטערשייד צווישנ די אלטע אונ נייַע שעדיקער, צווישנ די שאכטינער אונ די טראָצקיסטנ אונ, ניט באמערקנדיק עס, האָבנ זיי ניט געקאָנט באצייַטנס איבערבויענ זיכ, קעדיי צו אָנהויבנ פירנ א קאמפ קעגנ די נייַע שעדיקער אפ א נייַעם אויפנ.

IV

## די שאָטנדיקע זייַטנ פונ די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ

דאָס זייַנענ די גרונט־פאקטנ פונעם געביט פונ אונדזער צווישנפעלקערלעכער אונ אינערלעכער לאגע, וועגנ וועלכע עס האָבנ פארגעסנ אָדער וועלכע עס האָבנ ניט באמערקט אסאכ אונדזערע פארטיי־כאווירים.

אָט פאַרוואָס אונדזערע מענטשן זײַנען געטראָפן געוואָרן אומגעריכט דורך די געשעענישן פון די לעצטע יאָרן אין געביט פון שעדיקערײַ און דיווערסיעס.

מע קען פרעגן: אָבער פאַרוואָס האָבן אונדזערע מענטשן ניט באַמערקט דאָס אַלץ, פאַרוואָס האָבן זיי פאַרגעסן וועגן דעם אַלעמען?

פונוואַנען האָבן זיך גענומען אָט די דאָזיקע אַלע פאַרגעסנקייט, בלינדקייט, זאָרגלאָזיקייט, ווילמוטיקייט?

צי איז עס ניט קיין אָרגאַנישער פעלער אין דער אַרבעט פון אונדזערע מענטשן?

ניין, דאָס איז ניט קיין אָרגאַנישער פעלער. דאָס איז—א צײַטווײַליקע דערשײַנונג, וואָס קאָן שנעל ליקווידירט ווערן בא דער אָנוועזנהײַט פון געוויסע אָנשטרענגונגען מיצאַד אונדזערע מענטשן.

אין וואָס־זשע איז דאָן די זאַך?

די זאַך איז אין דעם, וואָס אונדזערע פאַרטיי־כאַווײַרים זײַנען פאַר די לעצטע יאָרן געווען אײַנגאַנצן פאַרשלונגען פון ווירטשאַפטלעכער אַרבעט, זיי זײַנען געווען ביזן בּרעג פאַרכאַפּט מיט די ווירטשאַפטלעכע דערפאָלגן און, זײַנענדיק פאַרכאַפּט מיט אָט דעם גאַנצן איניען,—האָבן זיי פאַרגעסן וועגן אַלדאָס אַנדערע, האָבן פאַרוואָרפן אַלדאָס איבעריקע.

די זאַך איז אין דעם, וואָס, זײַנענדיק פאַרכאַפּט פון די ווירטשאַפטלעכע דערפאָלגן, האָבן זיי אָנגעהויבן זען אין דער דאָזיקער זאַך דעם אָנהויב און דעם סאָף פון אַלץ, און אף אַזעלכע זאַכן, ווי די צווישנפעלקערלעכע לאַגע פון סאָוועטנפאַרבאַנד, די קאַפּיטאַליסטישע אַרומרינגלונג, די פאַרשטאַרקונג פון דער פּאָליטישער אַרבעט פון דער פאַרטיי, דער קאַמף קעגן שעדיקערײַ א.ד.גל—האָבן זיי פּשוט ניט אָנגעהויבן צו לייגן קיין אַכט, מיינענדיק, אז די דאָזיקע אַלע פראַגן שטעלן פאָר א צווייטראַנגיקע אָדער אפילו א דריטראַנגיקע זאַך.

די דערפאָלגן און דערגרייכונגען איז אן איניען, געוויס, א גרויסער. אונדזערע דערפאָלגן אפן געביט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג זײַנען ווירקלעך קאָלאָסאַל. אָבער דערפאָלגן, ווי אַלץ אין דער וועלט, האָבן אויך זייערע שאָטנדיקע זײַטן. בא מענטשן, ווייניק באַהאַוונטע אין פּאָליטיק, געבוירן ניט זעלטן די גרויסע דערפאָלגן און די גרויסע דערגרייכונגען א זאָרגלאָזיקייט, ווילמוטיקייט, זעלבסטצופרידנקייט, א צו גרויסע זעלבסט־זיכערקייט, גײַווע, באַרימערײַ. איר קענט ניט אָפּלייקענען, אז פאַר דער לעצטער צײַט האָבן זיך בא אונדז פאַרפירט באַרימער אָן א שיר. ס'איז קיין וווּנדער ניט, וואָס אין דער דאָזיקער אומגעבונג פון גרויסע און ערנסטע דערפאָלגן אפן געביט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג שאַפן זיך שטימונגען פון באַרימערײַ, שטימונגען פון פּאַראַד־מאַניפעסטאַציעס פון אונדזערע דערפאָלגן, שאַפן זיך שטימונגען פון ניט דערשאַצן די קויכעס פון אונדזערע סאָנים, שטימונגען פון איבערשאַצן די אייגענע קויכעס און, אַלס רעזולטאַט פון דעם אַלעמען,—באַווײַזט זיך פּאָליטישע בלינדקייט.

דאָ דאַרף איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן די געפאַרן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די דערפאָלגן, וועגן די געפאַרן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די דערגרייכונגען.

ווענ די געפארנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט די שוועריקײַטנ, וויסנ מיר פונ
דער דערפארונג. שוינ עטלעכע יאָר פירנ מיר א קאמפ קעגנ אזוינע געפארנ
אונ, מע דארפ זאָגנ, ניט אָנ דערפאָלג. די געפארנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט
שוועריקײַטנ בא מענטשנ ניט שטאנדהאפטיקע, געבוירנ ניט זעלטנ שטימונגענ פונ
מוטלאָזיקײַט, פונ ניט גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס, שטימונגענ פונ פעסימיזם.
אונ, פארקערט, דאָרטנ, ווו עס האנדלט זיכ ווענ דעמ, מע זאָל באקעמפנ די גע־
פארנ, וואָס דרינגענ ארויס פונ די שוועריקײַטנ, פארהארטעווענ זיכ די מענטשנ
אינ דעמ דאָזיקנ קאמפ אונ גייענ ארויס פונעמ קאמפ אלס ווירקלעכ שטיינפעסטע
באָלשעוויקעס. אזא איז די נאטור פונ די געפארנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט די
שוועריקײַטנ. דאָס זײַנענ די רעזולטאטנ פונ בײַקומענ די שוועריקײַטנ.

אָבער עס זײַנענ פאראנ אנ אנדער מינ געפארנ, געפארנ, וואָס זײַנענ פאר־
בונדנ מיט די דערפאָלגנ, געפארנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט דערגרייכונגענ. יאָ, יאָ,
כאווײרימ, געפארנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט די דערפאָלגנ, מיט די דערגרייכונ־
גענ. די דאָזיקע געפארנ באשטייענ אינ דעמ, וואָס בא מענטשנ, ווייניק באהאוונטע
אינ פאָליטיק אונ וואָס האָבנ ניט זייער קיינ סאכ געזענ, געבוירט די אומגעבונג
פונ דערפאָלגנ—א דערפאָלג נאָכ א דערפאָלג, א דערגרייכונג נאָכ א דערגרייכונג,
אנ אריבערשטײַגונג פונ די פלענער נאָכ אנ אריבערשטײַגונג,—שטימונגענ פונ זאָרג־
לאָזיקײַט אונ זעלבסטצופרידנקײַט, שאפט אנ אטמאָספער פונ פאראד־פײַערונגענ
אונ קעגנזײַטיקע באגריסונגענ, וואָס טויטנ אָפ דאָס געפיל פונ מאָס אונ טעמפנ
אָפ דעמ פאָליטישנ כוש, צעשרויפנ די מענטשנ אונ שטויסט זיי צו דעמ, זיי זאָלנ
רוענ אפ די לאָרבער־קרענצ.

עס איז קיינ וווּנדער ניט, וואָס אינ דער דאָזיקער פארטשאדענדיקער אטמאָס־
פער פונ גײַוווע אונ זעלבסטצופרידנקײַט, אינ דער אטמאָספער פונ פאראד־מאני־
פעסטאציע אונ טומלדיקע זעלבסטבארימערײַענ פארגעסנ די מענטשנ ווענ איי־
ניקע וועזנטלעכע פאקטנ, וואָס האָבנ אנ ערשטראנגיקע באדײַטונג פארנ גורל פונ
אונדזער לאנד, מענטשנ הויבנ אָנ ניט צו באמערקנ אזעלכע אומאנגענעמע פאקטנ,
ווי די קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג, נײַע פאָרמענ פונ שעדיקערײַ, די געפארנ,
וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט אונדזערע דערפאָלגנ א.ד.גל. די קאפיטאליסטישע ארומ־
רינגלונג? דאָס איז דאָכ נארישקײַטנ! וואָס פארא באדײַטונג קענ האָבנ עפעס א קא־
פיטאליסטישע ארומרינגלונג, אויב מיר פילנ אויס אונ שטײַגנ איבער אונדזערע
ווירטשאפטלעכע פלענער? נײַע פאָרמענ פונ שעדיקערײַ, קאמפ קעגנ טראָצקיזמ?
דאָס איז אלצ קלייניקײַטנ! וואָס פארא באדײַטונג קענענ האָבנ די דאָזיקע אלע
קלייניקײַטנ, ווענ מיר פילנ אויס אונ שטײַגנ אריבער אונדזערע ווירטשאפטלעכע
פלענער? דער פארטיי־סטאטוס, די געווײלטקײַט פונ די פארטיי־אָרגאנענ, די בא־
ריכט־אָפגעבונג פונ די פארטיי־אָנפירער פאר דער פארטייִשער מאסע? צי איז פא־
ראנ אינ דעמ אלעמענ א נויטווענדיקײַט? צי לוינט ביכלאל צו אייסעקנ זיכ מיט
די דאָזיקע קלייניקײַטנ, אויב די ווירטשאפט וואקסט בא אונדז, אונ די מאטעריִעלע
לאגע פונ די ארבעטער אונ פויערימ פארבעסערט זיכ אלצ מער אונ מערער? קליי־
ניקײַטנ זײַנענ דאָס אלצ! די פלענער שטײַגנ מיר אריבער, די פארטיי איז בא
אונדז ניט קיינ שלעכטע, דער צק פונ דער פארטיי איז אויכ ניט קיינ שלעכ־

טער,—וואָס־זשע דארפנ מיר נאָכ? מאָדנע מענטשנ זיצנ דאָרטנ אינ מאָסקווע, אינ צק פונ פארטיי: טראַכטנ אויס עפּעס פראַגנ, שמועסנ וועגנ עפּעס א שעדי־קערײַ, שלאָפנ אליינ ניט, לאָזנ אנדערע ניט שלאָפנ...

אָט האָט איר אנ אָנשוילעכנ בײַשפּיל פונ דעמ, ווי לײַכט אונ „פּאָשעט" עס ווערנ אָנגעשטעקט מיט פּאָליטישער בלינדקײַט אייניקע אונדזערע ניט דערפארענע כאוויירימ אינ רעזולטאט פונ דעמ קאָפּשווינדלדיקנ פארכאפּנ זיכ מיט די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ.

דאָס זײַנענ די געפארנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט די דערפאָלגנ, מיט די דער־גרייכונגענ.

דאָס זײַנענ די סיבעס פונ דעמ, וואָס אונדזערע פארטיי־כאוויירימ, פארכאפּנדיק זיכ מיט די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ, האָבנ פארגעסנ וועגנ די פאקטנ פונ צווישנ־פעלקערלעכנ אונ אינערלעכנ כאראקטער, וואָס האָבנ א וועזנטלעכע באַדײַטונג פארנ סאָוועטנפארבאנד, אונ האָבנ ניט באמערקט א גאנצע ריי געפארנ, וואָס רינגלענ ארומ אונדזער לאנד.

דאָס זײַנענ די וואָרצלענ פונ אונדזער זאָרגלאָזיקײַט, פארגעסנקײַט, ווילמור־טיקײַט, פּאָליטישער בלינדקײַט.

דאָס זײַנענ די וואָרצלענ פונ די פעלערנ פונ אונדזער ווירטשאפטלעכער אונ פארטייִשער ארבעט.

V

# אונדזערע אופגאבעס

וויִאזוי ליקווידירט מענ די דאָזיקע פעלערנ פונ אונדזער ארבעט?

וואָס דארפ מענ טאָנ צוליב דעמ?

ס'איז נייטיק פארווירקלעכנ פאָלגנדיקע מאָסמיטלענ:

1) ס'איז נייטיק פריִער פונ אלצ א קער טאָנ די אופמערקזאמקײַט פונ אונדזערע פארטייִשע כאוויירימ, וואָס זינקענ אײַנ אינ די „לויפיקע פראַגנ" לויט דער ליניע פונ דעמ אָדער יענעמ אמט,—אינ דער זײַט פונ די גרויסע פּאָליטישע פראַגנ פונ צווישנפעלקערלעכנ אונ אינערלעכנ כאראקטער.

2) עס איז נייטיק אופהויבנ די פּאָליטישע ארבעט פונ אונדזער פארטיי אפ דער געהעריקער הויכ, אוועקשטעלנדיק אפנ ערשטנ פלאַנ די אופגאבע פונ פּאָליטישער בילדונג אונ באָלשעוויסטישער פאַרהארטעוועטקײַט פונ די פארטייִשע, סאָוועטישע אונ ווירטשאפטלעכע קאדרענ.

3) עס איז נייטיק אופצוקלערנ פאר אונדזערע פארטייִשע כאוויירימ, אז די ווירט־שאפטלעכע דערפאָלגנ, וואָס זייער באַדײַטונג איז אומבאשטרײַטבאר זייער גרויס אונ וועלכע מיר וועלנ זיכ דערשלאָגנ אויכ אפ ווײַטער, טאָג־אײַנ טאָג־אויס, יאָר־אײַנ יאָר־אויס,—שעפנ פונדעסטוועגנ ניט אויס די גאנצע זאכ פונ אונדזער סאָציִאליסטישער בויונג.

אופקלערנ, אז די שאָטנדיקע זײַטנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט די ווירטשאפט-

לעכע דערפאָלגנ און וואָס דריקנ זיכ אויס אינ זעלבסטצופרידנקייט, זאָרגלאָזיקייט, אינ דער אָפּגעטעמפּטקייט פונעם פּאָליטישנ כוש, קענענ ליקווידירט ווערנ בלויז אינ דעם פאל, אויב די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ ווערנ צונויפגעפאָרט מיט די דערפאָלגנ פונ דער פּארטיי־בויונג און פונ דער פאנאנדערגעוויקלטער פּאָליטישער ארבעט פונ אונדזער פּארטיי.

אופקלערנ, אז די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ גופע, זייער פעסטקייט און דויערנדיקייט זײַנענ אינגאנצנ און פולשטענדיק אָפּהענגיק פונ די דערפאָלגנ פונ דער פּארטייאיש־ארגאניזאציאָנעלער און פּארטייאיש־פּאָליטישער ארבעט, אז אָנ דעם דאָזיקנ באדינג קענענ די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ בלײַבנ געבויט אפנ זאמד.

4) ס'איז נייטיק צו געדענקענ און קיינמאָל ניט פארגעסנ, אז די קאפּיטאליסטישע ארומרינגלונג איז דער גרונט־פאקט, וואָס באשטימט די צווישנפעלקערלעכע לאגע פונעם סאָוועטנפארבאנד.

געדענקענ און קיינמאָל ניט פארגעסנ, אז קאָלזמאנ עס איז פאראנ א קאפּיטאליסטישע ארומרינגלונג, וועלנ זײַנ אויכ שעדיקער, דיווערסאנטנ, שפּיאָנענ, טעראָריסטנ, וואָס ווערנ ארײַנגעשיקט אינ די הינטערלענדער פונעמ סאָוועטנפארבאנד דורכ די אויסשפּיר־אָרגאנענ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס, געדענקענ וועגנ דעם און פירנ א קאמפּ קעגנ יענע כאווײרים, וואָס דערשאצנ ניט די באדײַטונג פונעם פאקט פונ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג, וואָס דערשאצנ ניט די קרעפטנ און די באדײַטונג פונ דער שעדיקערײַ.

אופקלערנ פאר אונדזערע פּארטיי־כאווײרים, אז קיינע ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ, ווי גרויס זיי זאָלנ ניט זײַנ, קאָנענ ניט אנולירנ דעם פאקט פונ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג און די רעזולטאטנ, וואָס דרינגענ ארויס פונ דעם דאָזיקנ פאקט.

אָנעמענ די נייטיקע מאָסמיטלענ צו דעם, אז אונדזערע כאווײרים, די פּארטייאישע און אומפּארטייאישע באָלשעוויקעס זאָלנ האָבנ א מעגלעכקייט צו באקאָנענ זיכ מיט די צילנ און אופגאבעס, מיט דער פּראקטיק און טעכניק פונ דער שעדיקעריש־דיווערסיאָנעלער און שפּיאָנישער ארבעט פונ די אויסלענדישע אויסשפּיר־אָרגאנענ.

5) ס'איז נייטיק אופצוקלערנ אונדזערע פּארטיי־כאווײרים, אז די טראָצקיסטנ, וואָס שטעלנ פאָר די אקטיווע עלעמענטנ פונ דער דיווערסיאָנעל־שעדיקערישער און שפּיאָנישער ארבעט פונ די אויסלענדישע אויסשפּיר־אָרגאנענ, האָבנ שוינ לאנג אופגעהערט צו זײַנ א פּאָליטישע שטרעמונג אינעם ארבעטער־קלאס, אז זיי האָבנ שוינ לאנג אופגעהערט צו דינענ א וועלכער ניט איז אידייע, וואָס פאָרט זיכ מיט די אינטערעסנ פונעם ארבעטער־קלאס, אז זיי האָבנ זיכ פארוואנדלט אינ א פּרינציפּלאָזער און אידייענלאָזער באנדע שעדיקער, דיווערסאנטנ, שפּיאָנענ, מערדער, וואָס ארבעטנ אלס געדונגענע בא די אויסלענדישע אויסשפּיר־אָרגאנענ.

אופקלערנ, אז אינ קאמפּ קעגנ דעם הײַנטצײַטיקנ טראָצקיזם זײַנענ איצט נייטיק ניט די אלטע מעטאָדנ, ניט די מעטאָדנ פונ דיסקוסיעס, נאָר נײַע מעטאָדנ, מעטאָדנ פונ אויסוואָרצלענ און צעגראָמירנ.

6) ס'איז נייטיק אופקלערנ פאר אונדזערע פּארטייאישע כאווײרים דעם אונטערשייד צווישנ די הײַנטצײַטיקע שעדיקער און די שעדיקער פונ שאכטינער פּעריאָד,

אופקלערנ, אז אויב די שעדיקער פונ שאכטינער פעריאָד האָבנ אָפגענאַרט אונדזערע מענטשנ אפ דער טעכניק, אויסנוצנדיק זייער טעכנישע אָפגעשטאַנענקײַט, איז די הײַנטצײַטיקע שעדיקער, וואָס פאַרמאָגנ א פאַרטיי־בילעט, נאַרנ אָפ אונדזערע מענטשנ אפנ פאָליטישנ צוטרוי צו זיי אלס צו פאַרטיי־מיטגלידער, אויסנוצנדיק די פאָליטישע זאָרגלאָזיקײַט פונ אונדזערע מענטשנ.

ס'איז נייטיק צו דערגענצנ דעמ אלטנ לאָזונג וועגנ באהערשנ די טעכניק, וואָס אנטשפּרעכט דעמ פעריאָד פונ די שאכטינער צײַטנ, מיטנ נײַעמ לאָזונג וועגנ פאָליטיש דערציִענ די קאַדרענ, וועגנ באהערשנ דעמ באָלשעוויזמ אונ וועגנ ליקווידירנ אונדזער פאָליטישע צוטרויִלעכקײַט, מיטנ לאָזונג, וואָס אנטשפּרעכט פולקאָמ דעמ איצטיקנ פעריאָד, וואָס מיר לעבנ איבער.

מע קענ פרעגנ: צי דענ האָט מענ ניט געקענט מיט א יאָר 10 צוריק, אינ פעריאָד פונ די שאכטינער צײַטנ געבנ מיטאמאָל בײדע לאָזונגענ, סײַ דעמ ערשטנ לאָזונג וועגנ באהערשנ די טעכניק, סײַ דעמ צווייטנ לאָזונג וועגנ פאָליטיש דערציִענ די קאַדרענ? ניינ, מענ האָט ניט געקענט. אזוי טוענ זיכ ניט בא אונדז קיינ זאכנ אינ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. אינ די קער־מאָמענטנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג ווערט שטענדיק ארויסגערוקט אײנער א וואָסער ניט איז גרונט־לאָזונג, אלס קנופּ־לאָזונג, קעדיי, אָנכאפּנדיק זיכ פאַר אימ, ארויסציִענ דורכ אימ די גאַנצע קייט. לענינ האָט אונדז אזוי געלערנט: געפינט דעמ גרונט־רינג אינ דער קייט פונ אונדזער ארבעט, כאַפּט זיכ אָנ פאַר אימ אונ ציט אימ ארויס צוליב דעמ, קעדיי דורכ אימ ארויסציִענ די גאַנצע קייט אונ גיינ פאָרויס. די געשיכטע פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג באווײַזט, אז די דאָזיקע טאַקטיק איז די איינציק־ריכטיקע טאַקטיק. אינעמ שאכטינער פעריאָד איז די שוואכקײַט פונ אונדזערע מענטשנ באשטאַנענ אינ זייער טעכנישער אָפגעשטאַנענקײַט. ניט די פאָליטישע, נאָר די טעכנישע פראגנ זײַנענ דאנ פאַר אונדז געווענ א שוואכער אָרט. וואָס אָנבאלאַנגט אונדזערע פאָליטישע באציִונגענ צו די דעמאָלטדיקע שעדיקער, זײַנענ זיי געווענ אינגאנצנ קלאָר, אלס באציִונגענ פונ באָלשעוויקעס צו פאָליטיש־פרעמדע מענטשנ. די דאָזיקע טעכנישע שוואכקײַט אונדזערע האָבנ מיר ליקווידירט דורכ דעמ, וואָס מיר האָבנ געגעבנ א לאָזונג וועגנ באהערשנ די טעכניק אונ האָבנ דערצויגנ פאַרנ דורכגעגאַנגענעמ פעריאָד צענדליקער אונ הונדערטער טויזנטער טעכניש־אונטערגעשמידטע באָלשעוויסטישע קאַדרענ. אנ אנדער זאכ איז איצט, ווענ מיר האָבנ שוינ טעכניש אונטערגעשמידטע באָלשעוויסטישע קאַדרענ אונ ווענ אינ דער ראָליע פונ שעדיקער טרעטנ ארויס ניט קיינ אָפנ־פרעמדע מענטשנ, וואָס האָבנ ניט צו דערצו נאָכ קיינע טעכנישע פאָרצוגנ אינ פאַרגלײַכ מיט אונדזערע מענטשנ, נאָר מענטשנ, וואָס פאַרמאָגנ א פאַרטיי־בילעט אונ באנוצנ זיכ מיט אלע רעכט פונ פאַרטיי־מיטגלידער. איצט איז שוינ די שוואכקײַט פונ אונדזערע מענטשנ ניט די טעכנישע אָפגעשטאַנענקײַט, נאָר די פאָליטישע זאָרגלאָזיקײַט, דער בלינדער צוטרוי צו די מענטשנ, וואָס האָבנ צופעליק באקומענ א פאַרטיי־בילעט, די אָפּוועזנהײַט פונעמ קאָנטראָלירנ די מענטשנ ניט לויט זייערע פאָליטישע דעקלאַראַציעס, נאָר לויט די רעזולטאטנ פונ זייער ארבעט. איצט איז פאַר אונדז די קנופּ־פראגע ניט ליקווידירנ די טעכנישע אָפגעשטאַנענקײַט פונ אונדזערע קאַדרענ, ווײַל זי איז אינ גרונט שוינ ליקווידירט,

נאָר ליקווידירן די פּאָליטישע זאָרגלאָזיקייט און די פּאָליטישע צוטרויִלעכקייט צו די שעדיקער, וואָס האָבן צופעליק געקראָגן א פּארטיי־בילעט.

אזא איז דער קארדינאלער אונטערשייד צווישן דער קנופּ־פראגע אין דער זאַך פון קאמף פאר קאדרען אין פעריאָד פון די שאכטינער צייטן און דער קנופּ־פראגע פון איצטיקן פעריאָד.

אָט פארוואָס מיר האָבן ניט געקאָנט און ניט געדארפט געבן מיט 10 יאָר צוריק מיטאמאָל ביידע לאָזונגען, סײַ דעם לאָזונג וועגן באהערשן די טעכניק, סײַ דעם לאָזונג וועגן פּאָליטיש דערציִען די קאדרען.

אָט פארוואָס מע דארף דעם אלטן לאָזונג וועגן באהערשן די טעכניק דערגענצן איצט מיטן נײַעם לאָזונג וועגן באהערשן דעם באָלשעוויזם, וועגן פּאָליטיש דערציִען די קאדרען און ליקווידירן אונדזער פּאָליטישע זאָרגלאָזיקייט.

7) ס'איז נייטיק צעקלאַפּן און אָפּוואַרפן די פוילע טעאָריע וועגן דעם, אז מיט יעדן אונדזער באוועגן זיך פאָרויס דארף דער קלאסן־קאמף בא אונדז, קלוימערשט, אלץ מער און מער אויסגעלאָשן ווערן, אז לויט דער מאָס פון אונדזערע דערפאָלגן ווערט דער קלאסן-סוינע קלוימערשט אלץ מער און מער צוגעלאָזן.

דאָס איז ניט נאָר א פוילע טעאָריע, נאָר אויך א געפערלעכע טעאָריע, ווײַל זי פארשלעפערט אונדזערע מענטשן, פארפירט זיי אין פּאסטקע, און דעם קלאסן־סוינע גיט זי א מעגלעכקייט קומען צו זיך, קעדיי צו קעמפן קעגן דער סאָוועטן־מאכט.

פארקערט, וואָס מערער מיר וועלן זיך באוועגן פאָרויס, וואָס מערער דערפאָלגן מיר וועלן האָבן, אלץ מער וועלן צערייצט ווערן די רעשטלעך פון די צעקלאַפּטע עקספּלואטאטארישע קלאסן, אלץ שנעלער וועלן זיי גיין אָפּ מער שארפע פאָרמען פון קאמף, אלץ מערער וועלן זיי פּאסקודיען דער סאָוועטישער מעלוכע, אלץ מערער וועלן זיי זיך אָנכאַפּן פאר די סאמע פארצווייפלטע קאמף־מיטלען, אלס די לעצטע מיטלען פון פארורטיילטע.

מע דארף האָבן אין זינען, אז די רעשטלעך פון די צעקלאַפּטע קלאסן אין פּססר זײַנען ניט איינזאם. זיי האָבן א דירעקטע אונטערשטיצונג מיצאַד אונדזערע סאָנים אויסער די גרענעצן פון פּססר. פעלערהאַפט וואָלט געווען צו מיינען, אז די ספערע פון קלאסן־קאמף איז באגרענעצט מיט די ראמען פון פּססר. אויב איין עק פון קלאסן־קאמף האָט זײַן ווירקונג אין די ראמען פון פּססר, ציט זיך זײַן צווייטער עק אין די ראמען פון די בורזשואזע מעלוכעס, וואָס רינגלען אונדז ארום. וועגן דעם קענען ניט ניט וויסן די רעשטלעך פון די צעקלאַפּטע קלאסן. און טאקע דערפאר, ווײַל זיי ווייסן וועגן דעם, וועלן זיי אויך אָפּ ווײַטער פאָרזעצן זייערע פארצווייפלטע ארויסקריכן.

אזוי לערנט אונדז די געשיכטע. אזוי לערנט אונדז דער לענהיניזם.

ס'איז נייטיק צו געדענקען דאָס אלץ און זײַן אָפּ דער וואַך.

8) ס'איז נייטיק צעקלאַפּן און אָפּוואַרפן א צווייטע פוילע טעאָריע, וואָס רעדט וועגן דעם, אז עס קען קלוימערשט ניט זײַן קיין שעדיקער יענער, וואָס שעדיקט ניט שטענדיק און וואָס באווײַזט כאָטש ווען עס איז דערפאָלגן אין זײַן ארבעט.

די דאָזיקע מאָדנע טעאָריע ווײַזט אויף די נאַיִוקייט פון אירע אויטאָרן. קיין

אײנ שעדיקער װעט ניט שעדיקנ די גאנצע צײַט, אױב ער װיל ניט דעמאסקירט װערנ פאר א גאָר קורצנ טערמינ. פארקערט, אנ עמעסער שעדיקער דארפ פונ צײַט צו צײַט באװײַזנ דערפאָלגנ אינ זײַנ ארבעט, װײַל דאָס איז דער אײנציקער מיטל ער זאָל זיכ פארהיטנ װי א שעדיקער, ארײַנצושארנ זיכ אינ צוטרױ אונ פאָרזעצנ זײַנ שעדיקערישע ארבעט.

איכ מײנ, אז די דאָזיקע פראגע איז קלאָר אונ זי נײטיקט זיכ ניט אינ װײַטערדיקע דערקלערונגענ.

9) ס'איז נײטיק צעקלאפנ אונ אָפּװארפנ א דריטע פוילע טעאָריע, װאָס רעדט װעגנ דעמ, אז דאָס סיסטעמאטיש אױספילנ די װירטשאפטלעכע פלענער מאכט קלוימערשט צונישט די שעדיקערײַ אונ די רעזולטאטנ פונ דער שעדיקערײַ. אנ ענלעכע טעאָריע קענ פארפאָלגנ בלויז אײנ ציל: א קיצל טאָנ די אמטלעכע אײגנליבע פונ אונדזערע טוער, בארויקנ זײ אונ אָפּשװאכנ זײער קאמפ קעגנ דער שעדיקערײַ.

װאָס באטײַט „סיסטעמאטיש אױספילנ אונדזערע װירטשאפטלעכע פלענער"?

ערשטנס, ס'איז דערװיזנ געװאָרנ, אז אלע אונדזערע װירטשאפטלעכע פלענער זײַנענ פארקלענערטע, װײַל זײ דיסקאָנטירנ ניט די קאָלאָסאלע רעזערװנ אונ מעגלעכקײַטנ, װאָס זײַנענ פארבאָרגנ אינ די טיפעניש פונ אונדזער פאָלקסװירטשאפט.

צװײטנס, די סומארע אױספילונג פונ די װירטשאפטלעכע פלענער איבער די פאָלקקאָמאטנ אינגאנצנ גענומענ באטײַט נאָכ ניט, אז אינ אײניקע זײער װיכטיקע צװײַגנ װערנ אויכ אױסגעפילט די פלענער. פארקערט, די פאקטנ זאָגנ, אז א גאנצע רײ פאָלקקאָמאטנ, װאָס האָבנ אױסגעפילט אונ האָבנ אפילע אריבערגעשטיגנ די יאָריקע װירטשאפטלעכע פלענער, פילנ ניט אױס סיסטעמאטיש די פלענער אינ אײניקע זײער װיכטיקע צװײַגנ פונ דער פאָלקסװירטשאפט.

דריטנס, עס קענ ניט זײַנ קײנ צװײפל אינ דעמ, אז װענ די שעדיקער װאָלטנ ניט דעמאסקירט אונ ארױסגעװאָרפנ געװאָרנ, װאָלט מיטנ אױספילנ די װירטשאפטלעכע פלענער די לאגע געװענ אסאכ ערגער, װאָס װעגנ דעמ האָבנ געמעגט געדענקענ די קורצזיכטיקע אװטאָרנ פונ דער אנאליזירטער טעאָריע.

פערטנס, די שעדיקער, געװײנלעכ, פאסנ צו זײער הויפּט־שעדיקערישע ארבעט ניט צומ פעריאָד פונ דער פרידלעכער צײַט, נאָר צומ פעריאָד פונ ערעװ א מילכאָמע אָדער פונ דער מילכאָמע גופע. לאָמיר זיכ פאָרשטעלנ, אז מיר װאָלטנ זיכ אָנגעהױבנ פארװיגנ מיט דער פוילער טעאָריע װעגנ דעמ „סיסטעמאטישנ אױספילנ די װירטשאפטלעכע פלענער" אונ װאָלטנ ניט געטשעפעט די שעדיקער. צי שטעלנ זיכ פאָר די אװטאָרנ פונ דער דאָזיקער פוילער טעאָריע, װאָס פארא קאָלאָסאלנ שאָדנ עס װאָלטנ געבראכט אונדזער מעלוכע די שעדיקער אינ פאל פונ א מילכאָמע, װענ מיר װאָלטנ זײ געלאָזנ צו פארבלײַבנ אינ די טיפעניש פונ אונדזער פאָלקסװירטשאפט אונטער דער שוץ פונ דער פוילער טעאָריע װעגנ דעמ „סיסטעמאטישנ אױספילנ די װירטשאפטלעכע פלענער".

צי איז דענ ניט קלאָר, אז די טעאָריע װעגנ דעמ „סיסטעמאטישנ אױספילנ די װירטשאפטלעכע פלענער" איז א טעאָריע, װאָס לױנט פאר די שעדיקער.

10) ס'איז נײטיק צעקלאפנ אונ אָפּװארפנ די פערטע פוילע טעאָריע, װאָס רעדט

וועגנ דעם, אז די סטאכאנאָווישע באַוועגונג איז קלוימערשט דער גרונט־מיטל פונ ליקווידירנ די שעדיקערײַ.

די דאָזיקע טעאָריע איז אויסגעטראכט געוואָרנ צוליב דעם, קעדיי אונטערנ טומל פונ דער פּלאַפּלערײַ וועגנ די סטאכאנאָווצעס אונ וועגנ דער סטאכאנאָווישער באַוועגונג אָפּווענדנ דעם קלאַפּ איבער די שעדיקער.

כאָווער מאַלאָטאָוו האָט אינ זײַנ פּאָרטראג דעמאָנסטרירט א גאנצע ריי פאקטנ, וואָס ריידנ וועגנ דעם, וויאַזוי די טראָצקיסטישע אונ ניט־טראָצקיסטישע שעדיקער אינ קוזבאס אונ דאָנבאס האָבנ, מיסברויכנדיק מיטנ צוטרוי פונ אונדזערע פּאָליטיש־זאָרגלאָזע כאָווײרים, סיסטעמאטיש געפירט פארנ נאָז די סטאכאנאָווצעס, פלעגנ זיי אַרײַנשטעלנ שטעקנס אינ די רעדער, פלעגנ קינסטלעכ שאפנ א גאנצע ריי שטערונגענ פאר זייער דערפאָלגרײַכער ארבעט אונ האָבנ זיכ, סאָפקאָלסאָפ, דערשלאָגנ צו דעם, אז זיי האָבנ צעשטערט זייער ארבעט. וואָס קענענ אופטאָנ די סטאכאנאָווצעס אליינ, ווענ דאָס שעדיקערישע פירנ די קאפּיטאלע בוינג, לאָמיר זאָגנ, אינ דאָנבאס האָט געבראכט צו אנ אײַנרײַס צווישנ די צוגרייטונג־ארבעטנ פונ קוילנ־ארויסבאקום, וואָס שטייענ אָפּ פונ די טעמפּנ, אונ אלע אנדערע ארבעטנ? צי איז דענ ניט קלאָר, אז די סטאכאנאָווישע באַוועגונג גופע נייטיקט זיכ אינ רעאלער הילפ פונ אונדזער זײַט קעגנ אלע אונ אלערליי מאכינאציעס פונ די שעדיקער, קעדיי א רוק טאָנ פאָרויס די זאכ אונ אויספילנ זייער גרויסע מיסיע? צי איז דענ ניט קלאָר, אז דער קאמפּ קעגנ דער שעדיקערײַ, דער קאמפּ פאר ליקווידירנ די שעדיקערײַ, דאָס אײַנצוימענ די שעדיקערײַ איז א באדינג, וואָס איז נייטיק פאר דעם, אז די סטאכאנאָווישע באַוועגונג זאָל קענענ זיכ פאנאנדערוויקלענ אינ דער גאנצער ברייט?

איכ מיינ, אז די דאָזיקע פראגע איז אויכ קלאָר אונ נייטיקט זיכ ניט אינ ווײַטערדיקע דערקלערונגענ.

11) ס'איז נייטיק צעקלאפּנ אונ אָפּווארפנ די פינפטע פוילע טעאָריע, וואָס רעדט וועגנ דעם, אז בא די טראָצקיסטישע שעדיקער זײַנענ קלוימערשט ניטאָ מער קיינ רעזערוונ, אז זיי דערקלײַבנ, קלוימערשט, זייערע לעצטע קאדרעס.

דאָס איז ניט ריכטיק, כאווײרים. אזא טעאָריע האָבנ געקאָנט אויסטראכטנ בלויז נאַיווע מענטשנ. בא די טראָצקיסטישע שעדיקער זײַנענ פאראנ זייערע רעזערוונ. זיי באשטייענ פריִער פונ אלצ פונ די רעשטלעכ פונ די צעקלאפּטע עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ אינ פססר. זיי באשטייענ פונ א גאנצע ריי גרופּעס אונ אָרגאניזאציעס אויסער די גרענעצנ פונ פססר, פײַנטלעכע דעמ סאָוועטנפארבאנד.

לאָמיר נעמענ, צום בײַשפּיל, דעם טראָצקיסטישנ קאָנטררעוואָליוציאָנערנ 4־טנ אינטערנאציאָנאל, וואָס באשטייט אָפּ צוויי דריטל פונ שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ. מיט וואָס איז עס ניט קיינ רעזערוו? צי איז דענ ניט קלאָר, אז דער דאָזיקער שפּיאָנישער אינטערנאציאָנאל וועט אויסשטעלנ קאדרעס פאר דער שפּיאָניש־שעדיקערישער ארבעט פונ די טראָצקיסטנ?

אָדער, לאָמיר נעמענ, צום בײַשפּיל, די גרופּע פונעם אוואנטיוריסט שעפלאָ אינ נאָרוועגיע, וואָס האָט צוגענומענ צו זיכ דעם אָבער־שפּיאָנ טראָצקי אונ וואָס העלפט אים פאסקודיענ דעם סאָוועטנפארבאנד. מיט וואָס איז די דאָזיקע גרופּע ניט קיינ

רעזערוו? ווער קענ אָפּלייקענענ, אז די דאָזיקע קאָנטררעוואָליוציאָנערע גרופּע וועט אויכ אפ ווייַטער דינענ די טראָצקיסטישע שפּיאָנענ אונ שעדיקער?

אָדער, לאָמיר נעמענ, צום בייַשפּיל, א צווייטע גרופּע פונ אזא אוואנטיוריסט ווי שעפּלאָ, סוּוואַרינס גרופּע אינ פראנקרייַכ, מיט וואָס איז זי ניט קיינ רעזערוו? צי דענ קענ מענ אָפּלייקענענ, אז די דאָזיקע גרופּע אוואנטיוריסטנ וועט אויכ העלפנ די טראָצקיסטנ אינ זייער שפּיאָניש-שעדיקערישער ארבעט קעגנ דעם סאָוועטנ־פארבאנד?

אונ אָט די אלע הערנ פונ דייַטשלאנד, די פארשיידענע רוט פישערס דאָרטנ, די מאסלאָווס, אורבאנסנ, וואָס האָבנ פארקויפט די נעשאָמע אונ דעם קערפּער די פאשיסטנ,—מיט וואָס זייַנענ זיי ניט קיינ רעזערוו פאר דער טראָצקיסטישער שפּי־אָניש־שעדיקערישער ארבעט?

אָדער, צום בייַשפּיל, די באוווּסטע אָרדע שרייַבער פונ אמעריקע, אינדערשפּיצ מיטנ באוווּסטנ זשוליק איסטמענ. די דאָזיקע אלע גאזלאָנים פונ דער פּענ, וואָס לעבנ נאָר מיט דעם, וואָס זיי טרייַבנ רעכילעס אפנ ארבעטער־קלאס פונ פּססר,—מיט וואָס זייַנענ זיי ניט קיינ רעזערוו פארנ טראָצקיזם?

ניינ, מע דארפ אָפּוואַרפנ די פוילע טעאָריע וועגנ דעם, אז די טראָצקיסטנ דערקלייַבנ קלוימערשט די לעצטע קאדרענ.

12) צולעצט, מע דארפ צעקלאַפּנ אונ אָפּוואַרפנ נאָכ איינ פוילע טעאָריע, וואָס רעדט וועגנ דעם, אז אזוי ווי מיר, באָלשעוויקעס, זייַנענ אסאכ, אונ שעדיקער זייַנענ ווייניק, אזוי ווי אונדז, באָלשעוויקעס, האלטנ אונטער צענדליקער מיליאָנענ מענטשנ אונ די טראָצקיסטישע שעדיקער בלויז איינציקע אונ צענדליקער, וואָלטנ מיר, באָלשעוויקעס, געקאָנט ניט לייגנ קיינ אכט אפ עפּעס א הייַפל שעדיקער.

דאָס איז ניט ריכטיק, כאווערים. די דאָזיקע העכסט-מעשונעדיקע טעאָריע איז צוגעטראכט געוואָרנ, קעדיי צו טרייסטנ איי־ניקע אונדזערע אָנפירנדיקע כאווי־רים, וואָס זייַנענ דורכגעפאלנ אפ דער ארבעט צוליב זייער ניט קענענ קעמפנ קעגנ דער שעדיקערייַ, אונ צו פארשלעפערנ זייער וואכזאמקייַט, לאָזנ זיי רויִק שלאָפנ.

אז די טראָצקיסטישע שעדיקער ווערנ אונטערגעהאלטנ דורכ איינצלנע אונ די באָלשעוויקעס—דורכ צענדליקער מיליאָנענ מענטשנ—דאָס איז געוויס ריכטיק. אָבער פונ דעם דרינגט גאָרניט ארויס, אז די שעדיקער קענענ ניט אָנטאָנ קיינ ביז גאָר ערנסטנ שאָדנ אונדזער זאכ. קעדיי צו אָנפּאסקודיענ אונ אָנשעדיקנ, צוליב דעם פּאָדערט זיכ גאָרניט קיינ גרויסע צאָל מענטשנ. קעדיי צו אויסבויענ דעם דניעפּראָ־בוי, דארפ מענ לאָזנ אינ גאנג צענדליקער טויזנטער ארבעטער. אָבער קעדיי צו אופרייַסנ אים, צוליב דעם פּאָדערנ זיכ, קענ זייַנ, עטלעכע צענדליק מענטשנ, ניט מערער. קעדיי צו אויסשפּילנ א שלאכט אינדערצייַט פונ מילכאָמע, צוליב דעם קע־נענ זיכ פּאָדערנ עטלעכע קאָרפּוסנ רויטארמייער. אָבער קעדיי צו דורכוואַרפנ דעם דאָזיקנ געווינס אפנ פראָנט, צוליב דעם זייַנענ גענוג עטלעכע מענטשנ שפּיאָנענ ערגעצ־ווו אינ שטאב פונ דער ארמיי, אָדער אפילע אינ שטאב פונ דיוויזיע, וואָס קענענ ארויסגאנווענענ דעם אָפּעראטיוונ פּלאנ אונ איבערגעבנ אים דעם קעגנער. קעדיי צו אויסבויענ א גרויסנ אייַזנבאנ־בריק, פּאָדערנ זיכ דערצו טויזנטער מענטשנ.

אָבער קעדיי צו אופרייַסנ אימ, אפ דעמ זייַנעג געגוג אינגאנצנ עטלעכע מענטשנ. אזוינע ביישפּילנ וואָלט מענ געקאָנט ברענגענ צענדליקער אונ הונדערטער.

אלזאָ, מע קענ זיכ ניט טרייסטנ מיט דעמ, אז מיר זייַנעג אסאכ אונ זיי, די טראָצקיסטישע שעדיקער, זייַנענ ווייניק.

מע דארפ זיכ דערשלאָגנ צו דעמ, אז זיי, די טראָצקיסטישע שעדיקער, זאָלנ אינגאנצנ ניט זייַנ אינ אונדזערע רייענ.

אזוי האלט די לאגע מיט דער פראגע וועגנ דעמ, וויאזוי צו ליקווידירנ די פעלערנ פונ אונדזער ארבעט, וואָס זייַנענ אלגעמיינ פאר אלע אונדזערע אָרגאניזאַציעס, סיי פאר די ווירטשאפטלעכע אונ סאָוועטישע, אזוי אויכ פאר די אדמיניסטראטיווע אונ פארטייישע.

דאָס זייַנענ די מאָסמיטלענ, וואָס זייַנענ נייטיק צוליב דעמ, קעדיי צו ליקווידירנ די דאָזיקע פעלערנ.

וואָס אנבאלאנגט ספּעציעל צו די פארטייישע אָרגאניזאציעס אונ צו די פעלערנ אינ זייער ארבעט, ווערט גאנצ גענוי גערעדט וועגנ די מאָסמיטלענ צו ליקווידירנ די דאָזיקע פעלערנ אינעמ פראָיעקט פונ דער רעזאָליוציע, וואָס ווערט צוגעשטעלט אפ אייַער באטראכטונג. איכ מיינ דעריבער, אז עס איז ניטאָ קיינ נייטיקייַט צו פארשפּרייטנ זיכ דאָ וועגנ דער דאָזיקער זייַט פונ דער זאכ.

עס וואָלט זיכ וועלנ בלויז זאָגנ עטלעכע ווערטער איבער דער פראגע וועגנ דער פּאָליטישער צוגרייטונג אונ פארפולקאָמונג פונ אונדזערע פארטייישע קאדרענ.

איכ מיינ, אז ווענ מיר וואָלטנ געקענט, ווענ מיר וואָלטנ באוויזנ צוגרייטנ אידעאָלאָגיש אונדזערע פארטייישע קאדרענ, פונ אונטנ ביז אויבנ, אונ פארהארטעווענ זיי פּאָליטיש אפ אזא אופנ, אז זיי זאָלנ קענענ פרייַ זיכ אָריענטירנ אינ דער אינערלעכער אונ צווישנפעלקערלעכער אומגעבונג, ווענ מיר וואָלטנ געקענט מאכנ זיי פאר פולקאָמ רייַפע לענינצעס, מארקסיסטנ, וואָס זייַנענ פעיִק צו לייזנ אָנ ערנסטע פעלערנ די פראגנ פונ דער אָנפירונג מיטנ לאנד, וואָלטנ מיר דורכ דעמ געלייזט נייַנ צענטל פונ אלע אונדזערע אופגאבעס.

ווי איז די לאגע מיטנ אָנפירנדיקנ באשטאנד פונ אונדזער פארטיי?

אינעמ באשטאנד פונ אונדזער פארטיי, אויב מע זאָל האָבנ אינ זינענ אירע אָנפירנדיקע שיכטנ, איז פאראנ ארומ 3—4 טויזנט העכערע אָנפירער. דאָס, וואָלט איכ געזאָגט, איז דער גענעראליטעט פונ אונדזער פארטיי.

ווייַטער גייענ 30—40 טויזנט מיטלע אָנפירער. דאָס איז אונדזער פארטייִשע אָפיצערנטומ.

ווייַטער גייענ בא 100—150 טויזנט פונ אונטערשטנ פארטייִשנ קאָמאנדירנ־באשטאנד. דאָס איז, אזוי צוזאָגנ, אונדזער פארטייִשע אונטעראָפיצערנטומ.

אופהויבנ דעמ אידעאָלאָגישנ ניוואָ אונ די פּאָליטישע פארהארטעוועטקייַט פונ די דאָזיקע קאָמאנדירנ־קאדרענ, ארייַנגיסנ אינ די דאָזיקע קאדרענ פרישע קויכעס, וואָס ווארטנ מע זאָל זיי ארויסרוקנ, אונ פארברייטערנ אפ אזא אופנ דעמ באשטאנד פונ די אָנפירנדיקע קאדרענ—אָט איז די אופגאבע.

וואָס פאָדערט זיכ צוליב דעמ?

פריִער פונ אלצ איז נייטיק פאָרלייגנ אונדזערע פארטייישע אָנפירער, פונ די

סעקרעטארנ פונ די קעמערלעכ ביז די סעקרעטארנ פונ די געגנטלעכע אונ רעפובליקאנישע פארטיי־אָרגאניזאציעס, צוקלײַבנ זיכ אינ א פארלויפ פונ א געוויסנ פעריאָד צו צוויי מענטשנ, צו צוויי פארטיי־טוער, וואָס זײַנענ פייִק צו זײַנ זייערעווירקלעכע פארטרעטער. מע קענ זאָגנ: אונ ווו זאָל מענ זיי קריגנ, צוויי פארטרעטער אפ יעדערנ, בא אונדז זײַנענ ניטאָ אזוינע מענטשנ, ניטאָ די אנטשפרעכיקע טוער. דאָס איז ניט ריכטיק, כאווײרים. מענטשנ פייִקע, מענטשנ טאלאנטפולע זײַנענ בא אונדז צענדליקער טויזנטער. מע דארפ זיי נאָר קענענ אונ באצײַטנס ארויסרוקנ, קעדיי זיי זאָלנ ניט איבערשטײַנ אפנ אלטנ אָרט אונ זאָלנ ניט אָנהויבנ פוילנ. זוכט, וועט איר געפינענ.

ווײַטער. פאר דער פארטייִשער לערע אונ איבערגרייטונג פונ די סעקרעטארנ פונ די קעמערלעכ איז נייטיק צו שאפנ אינ יעדנ געגנטלעכנ צענטער פירכאדאָשימדיקע „פארטייִשע קורסנ“. אפ די דאָזיקע קורסנ דארפ מענ שיקנ די סעקרעטארנ פונ אלע ערשטיקע פארטייִשע אָרגאניזאציעס (קעמערלעכ) אונ דערנאָכ, נאָכ דעמ ווי זיי וועלנ דורכגיינ די קורסנ אונ זיכ אומקערנ אפנ אָרט,—זייערע פארטרעטער אונ די אמערסטנ פייִקע מיטגלידער פונ די ערשטיקע פארטיי־אָרגאניזאציעס.

ווײַטער. פאר דער פאָליטישער איבערגרייטונג פונ די ערשטע סעקרעטארנ פונ די ראיאָנישע אָרגאניזאציעס איז נייטיק צו שאפנ איבערנ פססר, לאָמיר זאָגנ, אינ 10 אמערסטנ וויכטיקע צענטרענ, אכטכאדאָשימדיקע „לענינישע קורסנ“. אפ די דאָזיקע קורסנ דארפ מענ שיקנ די ערשטע סעקרעטארנ פונ די ראיאָנישע אונ קרײַזישע פארטיי־אָרגאניזאציעס, אונ דערנאָכ, נאָכ דעמ ווי זיי וועלנ דורכגיינ די קורסנ אונ זיכ אומקערנ אפנ אָרט,—זייערע פארטרעטערס אונ די אמערסטנ פייִקע מיטגלידער פונ די ראיאָנישע אונ קרײַזישע אָרגאניזאציעס.

ווײַטער. פאר דער אידעאָלאָגישער איבערגרייטונג אונ פאָליטישער פארפולקאָמונג פונ די סעקרעטארנ פונ די שטאָטישע אָרגאניזאציעס איז נייטיק צו שאפנ באמ צק אלקפ(ב) זעקסכאדאָשימדיקע „קורסנ פונ דער געשיכטע אונ פאָליטיק פונ דער פארטיי“. אפ די דאָזיקע קורסנ דארפ מענ שיקנ די ערשטע אָדער די צווייטע סעקרעטארנ פונ די שטאָטישע אָרגאניזאציעס אונ דערנאָכ, נאָכ דעמ ווי זיי וועלנ דורכגיינ די קורסנ אונ זיכ אומקערנ אפנ אָרט,—די אמערסטנ פייִקע מיטגלידער פונ די שטאָטישע אָרגאניזאציעס.

צולעצט, עס איז נייטיק צו שאפנ באמ צק אלקפ(ב) זעקסכאדאָשימדיקע „באראטונג איבער פראגנ פונ דער אינערלעכער אונ צווישנפעלקערלעכער פאָליטיק“. אהער דארפ מענ שיקנ די ערשטע סעקרעטארנ פונ די געגנטלעכע אונ קאנטישע אָרגאניזאציעס אונ פונ די צענטראל־קאָמיטעטנ פונ די נאציאָנאלע קאָמוניסטישע פארטייענ. די דאָזיקע כאווײרים דארפנ געבנ ניט איינע, נאָר עטלעכע אומבײַטנ, וואָס קענענ פארבײַטנ די אָנפירער פונ צענטראל־קאָמיטעט פונ אונדזער פארטיי. דאָס איז נייטיק אונ דאָס דארפ אָפגעטאָנ ווערנ.

איכ פארענדיק, כאווײרים.

מיר האָבנ איבערגעגעבנ אפ אזא אויפנ די גרונט־פעלערנ פונ אונדזער ארבעטסײַ יענע, וואָס זײַנענ אלגעמיינ פאר אלע אונדזערע אָרגאניזאציעס, פאר די ווירטשאפטלעכע, אדמיניסטראטיווע, פארטייִשע, אזוי אויכ יענע, וואָס זײַנענ בלויז אייגנטימלעכ ספעציעל די פארטייִשע אָרגאניזאציעס, די פעלערנ, וועלכע עס ווערנ

אויסגענוצט פונ די סאָנימ פונעמ ארבעטער־קלאס פאר זייער דיווערסיאָנעל־שעדיקערישער אונ שפּיאָניש־טעראָריסטישער ארבעט.

ווײַטער. מיר האָבנ אָנגעמערקט די גרונט־מאָסמיטלענ, וואָס זײַנענ נייטיק אפ צו ליקווידירנ די דאָזיקע פעלערנ אונ צו אנטשעדיקנ די דיווערסיאָנעל־שעדיקערישע אונ שפּיאָניש־טעראָריסטישע ארויסקריכנ פונ די טראָצקיסטיש־פאשיסטישע אגענטנ פונ די אויסלענדישע אויסשפּיר־אָרגאנענ.

פרעגט זיכ, צי קענענ מיר פארווירקלעכנ די דאָזיקע אלע מאָסמיטלענ, צי זײַנענ בא אונדז פאראנ אלע נייטיקע מעגלעכקײַטנ פאר דעמ?

אומבאדינגט, מיר קענענ. מיר קענענ, ווײַל בא אונדז זײַנענ פאראנ אינ אונדזער רעשוס אלע מיטלענ, וואָס זײַנענ נייטיק אפ צו פארווירקלעכנ די דאָזיקע מאָסמיטלענ.

וואָס־זשע פעלט בא אונדז?

עס פעלט בלויז איינס: די גרייטקײַט צו ליקווידירנ אונדזער אייגענע זאָרגלאָזיקײַט, אונדזער אייגענע ווילמוטיקײַט, אונדזער אייגענע פּאָליטישע קורצזיכטיקייט.

אינ דעמ איז דער אָפּהאלט.

אָבער צי דענ וועלנ מיר ניט קענענ בײַקומענ די דאָזיקע לעכערלעכע אונ אידיאָטישע קרענק, מיר, וואָס האָבנ אראָפּגעוואָרפנ דעמ קאפּיטאליזמ, וואָס האָבנ אויסגעבויט אינ גרונט דעמ סאָציאליזמ אונ האָבנ אופגעהויבנ די גרויסע פאָנ פונ אלוועלטלעכנ קאָמוניזמ?

בא אונדז איז ניטאָ קיינ גרונט צו צווייפלענ אינ דעמ, אז מיר וועלנ אומבאדינגט בײַקומענ זי, אויב, פארשטייט זיכ, מיר וועלנ עס וועלנ. מיר וועלנ בײַקומענ ניט פּאָשעט, נאָר באָלשעוויסטיש, ווי געהעריק.

אונ, אז מיר וועלנ בײַקומענ די דאָזיקע אידיאָטישע קרענק, קענענ מיר זאָגנ מיט דער פולער זיכערקײַט, אז פאר אונדז זײַנענ ניט שרעקלעכ קיינע סאָנימ, ניט די אינערלעכע, ניט די אויסערלעכע, פאר אונדז זײַנענ ניט שרעקלעכ זייערע ארויסקריכנ, ווײַל מיר וועלנ זיי צעקלאפּנ אינ דער צוקונפט פונקט אזוי, ווי מיר צעקלאפּנ זיי איצט, ווי מיר פלעגנ זיי צעקלאפּנ אינ דער פארגאנגענהייט. (**אפּלאָדיסמענטנ**).

# שלוס-וואָרט פונ דעמ כאווער סטאלינ אפנ פלענומ פונ צק אלקפ(ב) דעמ 5-טנ מארט 1937 י.

כאוויירימ!

איכ האָב גערעדט אינ מײַנ פאָרטראג וועגנ די גרונט־פראגנ פונ דער זאכ, וואָס
ווערט באהאנדלט. די דעבאטנ האָבנ באוויזנ, אז בא אונדז איז איצט פאראנ א פול־
קאָמע קלאָרקײַט, ס׳איז פאראנ דאָס פארשטיינ די אופגאבעס אונ ס׳איז פאראנ די
גרייטקײַט צו ליקווידירנ די פעלערנ פונ אונדזער ארבעט. אָבער די דעבאטנ האָבנ
אויכ באוויזנ, אז עס זײַנענ פאראנ אייניקע קאָנקרעטע פראגנ פונ אונדזער אָרגא־
ניזאציאָנעל־פּאָליטישער פראקטיק, וועגנ וועלכע עס איז נאָכ בא אונדז ניטאָ א פול־
קאָמ קלאָר פארשטיינ. אזוינע פראגנ האָב איכ אָנגעציילט זיבנ.

דערלויבט צו זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ די דאָזיקע פראגנ.

1) איצט, דארפ מענ רעכענענ, האָבנ אלע פארשטאנענ, באזיניקט, אז דאָס צופיל
פארכאפנ זיכ מיט די ווירטשאפטלעכע קאמפאניעס אונ מיט די ווירטשאפטלעכע
דערפאָלגנ באמ ניט דערשאצנ אונ פארגעסנ די פארטייִש־פּאָליטישע פראגנ פירט
צו א טעמפּנ ווינקל. ס׳איז נייטיק, אלזאָ, א קער טאָנ די אופמערקזאמקײַט פונ די
טוער אינ דער זײַט פונ די פארטייִש־פּאָליטישע פראגנ מיט דעמ, אז די ווירט־
שאפטלעכע דערפאָלגנ זאָלנ זיכ צונויפפּאָרנ אונ גיינ באגלײַכ מיט די דערפאָלגנ
פונ דער פארטייִש־פּאָליטישער ארבעט.

ווי זאָל מענ פראקטיש פארווירקלעכנ די אופגאבע פונ פארשטארקנ די פאר־
טייִש־פּאָליטישע ארבעט, די אופגאבע פונ באפרײַענ די פארטייִשע אָרגאניזאציעס
פונ די ווירטשאפטלעכע קליינִיקײַטנ? ווי עס איז צו זענ פונ די דעבאטנ, זײַנענ
אייניקע כאוויירימ גענויגט צו מאכנ פונ דעמ ניט קיינ ריכטיקנ אויספיר וועגנ דעמ,
אז איצט וועט קלוימערשט אויסקומענ אינגאנצנ אָפּצוגיינ פונ דער ווירטשאפטלע־
כער ארבעט. עס זײַנענ געווענ אלנפאלס שטימענ: נו, איצט, גאָט צו דאנקענ,
וועלנ מיר זיכ באפרײַענ פונ די ווירטשאפטלעכע איניאָנימ, איצט קענ מענ זיכ
פארנעמענ אויכ מיט דער פארטייִש־פּאָליטישער ארבעט. צי איז דער דאָזיקער אויס־
פיר א ריכטיקער? ניינ, ניט קיינ ריכטיקער. ווענ אונדזערע פארטייִשע כאוויירימ
פלעגנ, פארכאפנדיק זיכ מיט די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגנ, אָפּגיינ פונ דער פּאָלי־
טיק, איז עס געווענ אנ עקסטרעמקײַט, וואָס האָט אונדז געקאָסט גרויסע קאָרבאָ־

נעס. אויב אייניקע כאוויירים אונדזערע, נעמענדיק זיכ פאר פארשטארקנ די פאר־
טייִש־פּאָליטישע ארבעט, וועלנ איצט פארטראכטנ אָפּצוגיינ פונ דער ווירטשאפט,
וועט עס זײַנ אנ אנדער עקסטרעמקײַט, וואָס וועט אונדז קאָסטנ ניט ווייניקער
קאָרבאָנעס. מע טאָר זיכ ניט ווארפנ פונ איינ עקסטרעמקײַט צו דער אנדערער.
מע טאָר ניט אָפּטיילנ די פּאָליטיק פונ דער ווירטשאפט. מיר קענענ ניט אוועקגיינ
פונ דער ווירטשאפט פונקט אזוי, ווי מיר קענענ ניט אוועקגיינ פונ דער פּאָליטיק.
צוליב דער באקוועמלעכקײַט פונעמ דערלערנענ טיילנ אָפּ געוויינלעכ די מענטשנ
מעטאָדאָלאָגיש די פראַגנ פונ דער ווירטשאפט פונ די פראגנ פונ פּאָליטיק. אָבער
דאָס ווערט געטאָנ בלויז מעטאָדאָלאָגיש, קינסטלעכ, בלויז צוליב דער באקוועמלעכ־
קײַט פונעמ דערלערנענ. אינ לעבנ איז פאַרקערט, אינ דער פראקטיק זײַנענ די
פּאָליטיק אונ די ווירטשאפט אומאָפּטיילבאר. זיי עקזיסטירנ צוזאמענ אונ זײַנענ טע־
טיק צוזאמענ. אונ יענער, ווער עס טראכט אינ אונדזער פראקטישער פּאָליטיק אָפּ־
טיילנ די ווירטשאפט פונ דער פּאָליטיק, פארשטארקנ די ווירטשאפטלעכע ארבעט
מיטנ פרײַז צו פארמינערנ די פּאָליטישע ארבעט אָדער, פארקערט, פארשטארקנ די
פּאָליטישע ארבעט מיטנ פרײַז צו פארמינערנ די ווירטשאפטלעכע ארבעט,—יענער
פאלט אומבאדינגט ארײַנ אינ א טעמפּנ ווינקל.

דער זינ פונעמ באוווסטנ פונקט פונעמ פּראָיעקט פונ דער רעזאָליוציע וועגנ בא־
פרײַענ די פארטייִשע אָרגאניזאציעס פונ די ווירטשאפטלעכע קלייניקײַטנ אונ פאר־
שטארקנ די פארטייִש־פּאָליטישע ארבעט באשטייט ניט אינ דעמ, מע זאָל אָפּגיינ
פונ דער ווירטשאפטלעכער ארבעט אונ פונ דער ווירטשאפטלעכער אָנפירונג, נאָר בלויז
אינ דעמ, מע זאָל מער ניט דערלאָזנ די פראקטיק פונ פארבײַטנ אונ פאראָנפערזאָ־
ניקנ די ווירטשאפט־אָרגאנענ, אינ דעמ אויכ באזונדערס די ערד־אָרגאָנענ, דורכ אונדזערע
פארטייִשע אָרגאניזאציעס. עס איז נייטיק, אלזאָ, צו באנעמענ דעמ מעטאָד פונ דער באָל־
שעוויסטישער אָנפירונג מיט די ווירטשאפט־אָרגאנענ, וואָס באשטייט אינ דעמ, קעדיי סיס־
טעמאטיש העלפנ די דאָזיקע אָרגאנענ, סיסטעמאטיש פארפעסטיקנ זיי אונ אָנפירנ מיט דער
ווירטשאפט ניט אויסער די דאָזיקע אָרגאנענ, נאָר דורכ זיי. מע דארפ געבנ די ווירטשאפט־
אָרגאנענ אונ פריִער פונ אלצ די ערד־אָרגאנענ די בעסטע מענטשנ, מע דארפ אײַנ־
קאָמפּלעקטירנ די דאָזיקע אָרגאנענ מיט די גרונטלעכע בעסטע טוער, וואָס זײַנענ
פייִק אויסצופילנ די אופגאבעס, וועלכע זײַנענ אפ זיי ארופגעלייגט געוואָרנ. ערשט
נאָכ דעמ, ווי עס וועט אָפּגעטאָנ ווערנ די דאָזיקע ארבעס, וועט מענ קענענ אויס־
רעכענענ אפ דעמ, אז די פארטייִשע אָרגאניזאציעס וועלנ פולשטענדיק באפרײַט
ווערנ פונ די ווירטשאפטלעכע קלייניקײַטנ. פארשטייט זיכ, אז אנ איניענ איז דאָס
אנ ערנסטער אונ פאָדערט א געוויסע צײַט. אָבער קאָלזמאנ דאָס איז נימ געטאָנ
געוואָרנ, וועט די פארטייִשע אָרגאניזאציעס אויסקומענ אויכ אפ ווײַטער, אפ א
באשטימטנ קורצנ טערמינ, דירעקט פארנעמענ זיכ מיט די לאנדווירטשאפטלעכע
איניאָנימ מיט אלע זייערע קלייניקײַטנ, מיטנ אקערנ, זייענ, ארופּנעמ א. א. וו.

2) צוויי ווערטער וועגנ די שעדיקער, דיווערסאנטנ, שפּיאָנענ א. א. וו. איצט,
מיינ איכ, איז קלאָר פאר אלעמענ, אז די איצטיקע שעדיקער אונ דיווערסאנטנ, מיט
וואָס פארא פאָנ זיי זאָלנ זיכ ניט מאסקירנ, מיט דער טראָצקיסטישער אָדער בוכא־
רינישער, האָבנ שוינ לאנג אופגעהערט צו זײַנ א פּאָליטישע שטרעמונג אינ דער

ארבעטער־באוועגונג, אז זיי האָבנ זיכ פארוואנדלט אינ א פרינציפלאָזער אונ אי־
דייענלאָזער באנדע פראָפעסיאָנעלע שעדיקער, דיווערסאנטנ, שפּיאָנענ, מערדער.
פארשטייט זיכ, אז עס וועט אויסקומענ גראָמירנ אונ קאָרטשעווענ די דאָזיקע הערנ
אָנ ראכמאָנעס, אלס די סאָנימ פונעמ ארבעטער־קלאס, אלס פארעטער פונ אונדזער
היימלאנד. דאָס איז קלאָר אונ עס פאָדערט ניט קיינ ווײַטערדיקע דערקלערונגענ.

אָבער אָט איז א פראגע: ווי זאָל מענ פראקטיש פארווירקלעכנ די אופגאבע פונ
צעגראָמירנ אונ אויסקאָרטשעווענ די יאפּאָניש־דײַטשישע אגענטנ פונ טראָצקיזמ?
צי באטײַט עס, אז מע דארפ שלאָגנ אונ אויסקאָרטשעווענ ניט נאָר די ווירקלעכע
טראָצקיסטנ, נאָר אויכ יענע, וועלכע האָבנ זיכ אמאָל געוואקלט אינ דער זײַט פונ
טראָצקיזמ, אונ דערנאָכ, שוינ פונ לאנג, אָפּגעגאנגענ פונ טראָצקיזמ, ניט נאָר
יענע, וואָס זײַנענ ווירקלעכ טראָצקיסטישע אגענטנ פונ דער שעדיקערײַ, נאָר אויכ
יענע, וועלכע האָבנ געהאט אמאָל א צופאל דורכצוגיינ איבער דער גאס, איבער
וועלכער עס איז ווענ עס איז דורכגעגאנגענ דער אָדער יענער טראָצקיסט?
אלנפאלס, האָבנ זיכ אזוינע שטימענ געלאָזט הערנ דאָ אפנ פלענומ. צי קענ מענ
האלטנ אזא אויסטײַטשונג פונ דער רעזאָליוציע פאר ריכטיק? ניינ, מע קענ ניט
האלטנ פאר ריכטיק. אינ דער דאָזיקער פראגע, ווי אינ אלע אנדערע פראגנ, איז
נייטיק אנ אינדיווידועלער דיפערענצירטער צוגאנג. מע קענ ניט שערנ אלעמענ
אונטער איינ קעמל. אזא אהולעמדיקער צוגאנג קאָנ בלויז אָנטאָנ שאָדנ דער זאכ
פונ קאמפ קעגנ די ווירקלעכע טראָצקיסטישע שעדיקער אונ שפּיאָנענ.

צווישנ אונדזערע פאראנטוואָרטלעכע כאוויירימ איז פאראנ א געוויסע צאָל גע־
וועזענע טראָצקיסטנ, וואָס זײַנענ שוינ פונ לאנג אָפּגעגאנגענ פונעמ טראָצקיזמ אונ
פירנ א קאמפ קעגנ טראָצקיזמ ניט ערגער, נאָר בעסער פונ אייניקע אונדזערע כאָ־
שעווע כאוויירימ, וועלכע האָבנ ניט געהאט דעמ צופאל צו וואקלענ זיכ אינ דער
זײַט פונ טראָצקיזמ. ס'וואָלט געווענ נאריש צו באפלעקנ איצט אזוינע כאוויירימ.

צווישנ אונדזערע כאוויירימ זײַנענ פאראנ אויכ אזוינע, וועלכע זײַנענ אידעאָ־
לאָגיש שטענדיק געשטאנענ קעגנ טראָצקיזמ, אָבער, ניט געקוקט אפ דעמ, האָבנ זיי אונ־
טערגעהאלטנ א פערזענלעכע פארבינדונג מיט באזונדערע טראָצקיסטנ, וואָס זיי האָבנ
באלד ליקווידירט, ווי נאָר עס איז געוואָרנ פאר זיי קלאָר די פראקטישע פיזיאָנאָמיע
פונעמ טראָצקיזמ. עס איז געוויס ניט גוט, וואָס זיי האָבנ איבערגעריסנ זייער פער־
זענלעכע פרײַנטלעכע פארבינדונג מיט באזונדערע טראָצקיסטנ ניט טייקעפ, נאָר מיט
א פארשפעטיקונג. אָבער ס'וואָלט נאריש געווענ צו ווארפנ אזוינע כאוויירימ אינ
איינ קופע מיט די טראָצקיסטנ.

3) וואָס הייסט—ריכטיק אָפּקלײַבנ טוער אונ ריכטיק פאנאנדערשטעלנ זיי אפ
דער ארבעט?

דאָס הייסט אָפּקלײַבנ טוער, ערשטנס, לויטנ פאָליטישנ סימענ, ד. ה. צי פאר־
דינענ זיי פאָליטישנ צוטרוי אונ, צווייטנס, לויטנ זאכלעכנ סימענ, ד. ה. צי טויגנ
זיי פאר אזא קאָנקרעטער ארבעט.

דאָס הייסט, ניט פארוואנדלענ דעמ זאכלעכנ צוגאנג אינ א געשעפטלערישנ
צוגאנג, ווענ מענטשנ אינטערעסירנ זיכ מיט די זאכלעכע אייגנשאפטנ פונ די טוער,
אָבער אינטערעסירנ זיכ ניט מיט זייער פאָליטישער פיזיאָנאָמיע.

דאָס הייסט, ניט פאַרוואַנדלענ דעמ פּאָליטישנ צוגאַנג אינ דעמ איינציקנ אונ אויסשעפּנדיקנ צוגאַנג, ווענ מענטשנ אינטערעסירנ זיכ מיט דער פּאָליטישער פיזיאָנאָמיע פונ די טוער, אָבער אינטערעסירנ זיכ ניט מיט זייערע זאַכלעכע אייגנשאַפטנ.

צי קענ מענ זאָגנ, אַז דער דאָזיקער באָלשעוויסטישער קלאַל ווערט אויסגעפילט דורכ אונדזערע פּאַרטייִשע כאַווײרים? צומ באַדויערנ, קענ מענ עס ניט זאָגנ. דאָ אפנ פּלענומ האָט מענ שוינ גערעדט וועגנ דעמ, אָבער מע האָט ניט געזאָגט אַלצ. די זאַכ איז אינ דעמ, אַז דער דאָזיקער אויסגעפּרוווטער קלאַל ווערט געבראָכנ אינ אונדזער פּראַקטיק אפ יעדנ שריט אונ טריט אונ דערבײַ אפנ סאַמע גראָבנ אופנ. אָפּטער פונ אַלצ קלײַבט מענ אָפּ טוער ניט לויט די אָביעקטיווע סימאָנים, נאָר לויט סימאָנים צופעליקע, סוביעקטיווע, באַלעבעסלדיק־קליינבירגערלעכע. מע קלײַבט אָפּ אָפּטער פונ אַלצ די אַזוי גערופענע באַקאַנטע, פרײַנט, לאַנדסלײַט, פּערזענלעכ איבערגעגעבענע מענטשנ, מײַסטערס צומ לויבנ זייערע שעפנ—אומאָפּהענגיק פונ זייער פּאָליטישער אונ זאַכלעכער טויגבאַרקײַט.

פאַרשטייט זיכ, אַז אָנשטאָט אַנ אָנפירנדיקער גרופּע פאַראַנטוואָרטלעכע טוער באַקומט זיכ אַ מישפּאָכעלע פונ נאָענטע מענטשנ, אַנ אַרטעל, וואָס זײַנע מיטגלידער סטאַרענ זיכ צו לעבנ בעשאָלעמ, ניט צו באַליידיקנ איינע די אַנדערע, ניט אַרויסטראָגנ דעמ מיסט פונ שטוב, לויבנ איינע די אַנדערע אונ פונ צײַט צו צײַט שיקנ אינ צענטער ליידיק־פּוסטע אונ איבלדיקע ראַפּאָרטנ וועגנ דערפאָלגנ.

ס'איז ניט שווער צו פאַרשטיינ, אַז אינ אַזאַ מישפּאָכעדיקער אומגעבונג קענ ניט זײַנ קיינ אָרט ניט פאַר דער קריטיק פונ די פעלערנ אינ דער אַרבעט, ניט פאַר דער זעלבסטקריטיק פונ די אָנפירער מיט דער אַרבעט.

פאַרשטייט זיכ, אַז אַזאַ מינ מישפּאָכעדיקע אומגעבונג שאַפט אַ גינסטיקע סוויווע אפ צו אויסכאָוועװנ אונטערלעקער, מענטשנ, וועלכע האָבנ ניט דעמ געפיל פונ זייער ווירדע אונ האָבנ ניט דעריבער קיינשומ אַלגעמיינעס מיטנ באָלשעוויזמ.

לאָמיר נעמענ צומ בײַשפּיל, די כאַווײרימ מירזאָיאַנ אונ ווײַנאָוו. דער ערשטער פונ זיי איז סעקרעטאַר פונ דער קאַנטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פונ קאַזאַכסטאַנ, דער צווייטער—סעקרעטאַר פונ יאַראָסלאַווער געגנטלעכער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע מענטשנ זײַנענ אינ אונדזער סוויווע—ניט די לעצטע טוער. אָבער וויאַזוי קלײַבנ זיי אָפּ טוער? דער ערשטער האָט איבערגעשלעפּט מיט זיכ אינ קאַזאַכסטאַנ פונ אַזערבײַדזשאַנ אונ אוראַל, וווּ ער האָט פריִער געאַרבעט, 30—40 „אייגענע“ מענטשנ אונ האָט זיי פאַנאַנדערגעשטעלט אפ פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אינ קאַזאַכסטאַנ. דער צווייטער האָט אַריבערגעשלעפּט מיט זיכ קיינ יאַראָסלאַוול פונ דאָנבאַס, וווּ ער האָט פריִער געאַרבעט, העכער אַ צענדליק אויכ „אייגענע“ מענטשנ אונ האָט זיי אויכ פאַנאַנדערגעשטעלט אפ פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. עס איז פאַראַנ, אַלזאָ, אַנ אייגענער אַרטעל באַמ כאַווער מירזאָיאַנ. ער איז פאַראַנ אויכ באַמ כ' ווײַנאָוו. צי דענ האָט מענ ניט געקענט אָפּקלײַבנ טוער פונ אָרטיקע מענטשנ, האַלטנדיק זיכ באַמ באַוווסטנ באָלשעוויסטישנ קלאַל וועגנ אָפּקלײַבנ אונ פאַנאַנדערשטעלנ די מענטשנ? געוויס. וואָלט מענ געקענט. פאַרוואָס־זשע האָבנ זיי עס ניט געטאָנ? דערפאַר, ווײַל דער באָלשעוויסטישער קלאַל פונ אָפּקלײַבנ טוער שליסט אויס די מעגלעכקײַט פונ אַ באַלעבעסל־

דיק־קלײנבירגערלעכן צוגאַנג, שליסט אויס די מעגלעכקײַט אָפּצוקלײַבן טוער לויט די סימאָנים פון מישפּאָכעדיקײַט און אַרטעלישקײַט. אויסער דעם, אָפּקלײַבנדיק אַלס טוער פּערזענלעך איבערגעגעבענע מענטשן, האָבן די דאָזיקע כאַווײרים געוואָלט, קענטיק, שאַפן פאַר זיך אַן אומגעבונג פון אַ געווויסער אומאָפּהענגיקײַט סײַ אין באַצוג צו די אָרטיקע מענטשן, סײַ אין באַצוג צום צק פון פּאַרטײ. לאָמיר זאָגן, אַז די כאַווײרים מירזאָיאַנ און ווײַנאָוו וועלן צוליב די אָדער יענע אומשטענדן אַריבערגעפירט ווערן פונעם אָרט פון זײער איצטיקער אַרבעט אין וואָסערע ס'איז אַנדערע ערטער. ווי־אַזוי דאַרפן זײ אַפּ אַזאַ אויפן זיך באַגײן אין באַצוג צו זײערע „עקן”? ניט שײַנ־זשע וועט זײ ווידער אויסקומען אַריבערשלעפן זײ אין די נײַע ערטער פון זײער אַרבעט?

אָט צו וואָס פאַר אַן אַבסורד עס ברענגט דאָס ברעכן דעם באָלשעוויסטישן קלאַל וועגן ריכטיק אָפּקלײַבן און פּאַנאַנדערשטעלן די טוער.

4) וואָס הײסט קאָנטראָלירן די טוער, קאָנטראָלירן דאָס אויספילן די פאַרגעבונגען?

קאָנטראָלירן די טוער, הײסט קאָנטראָלירן זײ ניט לויט זײערע צוזאָגן און דעקלאַראַציעס, נאָר לויט די רעזולטאַטן פון זײער אַרבעט.

קאָנטראָלירן דאָס אויספילן די פאַרגעבונגען, הײסט קאָנטראָלירן זײ ניט נאָר אין קאַנצעלאַריע, און ניט נאָר לויט די פאָרמעלע באַריכטן, נאָר פריִער פון אַלץ קאָנטראָלירן זײ אַפן אָרט פון דער אַרבעט לויט די פאַקטישע רעזולטאַטן פון דער אויספילונג.

צי איז ביכלאַל נײטיק אַזאַ קאָנטראָל? אומבאַדינגט, נײטיק. ס'איז נײטיק, ערשטנס, דערפאַר, ווײַל נאָר אַזאַ קאָנטראָל גיט די מעגלעכקײַט צו דערקענען דעם טוער, באַשטימען זײַנע ווירקלעכע אײגנשאַפטן. עס איז נײטיק, צווייטנס, דערפאַר, ווײַל נאָר אַזאַ קאָנטראָל גיט די מעגלעכקײַט צו באַשטימען די מײַלעס און כעסרוינעס פונעם אויספיל־אַפּאַראַט. עס איז נײטיק, דריטנס, דערפאַר, ווײַל נאָר אַזאַ קאָנטראָל גיט די מעגלעכקײַט צו באַשטימען די מײַלעס און די כעסרוינעס פון די פאַרגעבונגען גופע.

אײניקע כאַווײרים מײנען, אַז קאָנטראָלירן די מענטשן קען מען בלויז פון אויבן, ווען די אָנפירער קאָנטראָלירן די אָנגעפירטע לויט די רעזולטאַטן פון זײער אַרבעט. דאָס איז ניט ריכטיק. אַ קאָנטראָל פון אויבן איז, געוויס, נײטיק, ווי אײנער פון די ווירקלעכע מאָסמיטלען צו קאָנטראָלירן די מענטשן און קאָנטראָלירן דאָס אויספילן די פאַרגעבונגען. אָבער דער קאָנטראָל פון אויבן שעפּט נאָך ווײַט ניט אויס די גאַנצע זאַך פונעם קאָנטראָל. עס עקזיסטירט נאָך אַן אַנדער מין קאָנטראָל, אַ קאָנטראָל פון אונטן, ווען די מאַסן, ווען די אָנגעפירטע קאָנטראָלירן די אָנפירער, מערקן אָפּ זײערע פעלערן און ווײַזן אָן די וועגן אַפּ אויספאַריכטן זײ. אַזאַ מין קאָנטראָל איז אײנער פון די סאַמע ווירקלעכע מיטלען צו קאָנטראָלירן די מענטשן.

די פּאַרטײיִשע מאַסן קאָנטראָלירן דורך זײערע אָנפירער אַפּ די אַקטיוון, אַפּ די קאָנפערענצן, אַפּ די צוזאַמענפאָרן דורך אויסהערן זײערע באַריכטן, דורך קריטיקירן די פעלערן, צולעצט, דורך אויסוויילן אָדער ניט אויסוויילן אין די אָנפירנדיקע אָר־

גאַנצנ די אָדער יענע אָנפירנדיקע כאַווייריִם. דאָס פּינקטלעכ דורכפירנ דעם דעמאָקראַטישנ צענטראַליזם אינ דער פּאַרטיי, ווי עס פאָדערט דער סטאַטוט פונ אונדזער פּאַרטיי, די אומבאַדינגטע אויסגעוויילטקייט פונ די פּאַרטיי־אָרגאַנענ, דאָס רעכט אַרויסצושטעלנ אָדער אָפּווענדנ קאַנדידאַטנ, די פאַרמאַכטע אָפּשטימונג, די פרײַהײַט פונ קריטיק אונ זעלבסטקריטיק,—די דאָזיקע אַלע אונ ענלעכע צו זיי מאָסמיטלענ איז נייטיק דורכצופירנ אינ לעבנ צוליב דעם, קעדיי צו פאַרלײַכטערנ, צווישנ אַנדערש, דעם דורכקוק אונ דעם קאָנטראָל איבער די פּאַרטיי־אָנפירער מיצאַד די פּאַרטייִשע מאַסנ.

די אומפּאַרטייִשע מאַסנ קאָנטראָלירנ דורכ זייערע וויסשאַפטלעכע, פּראָפעסיאָנאַליסטישע אונ אַנדערע אָנפירער אַפ די אומפּאַרטייִשע אַקטיוונ, אַפ די פאַרשיידענערליי מאַסנ־באַראַטונגענ, ווו זיי הערנ אויס באַריכטנ פונ זייערע אָנפירער, קריטיקירנ די פעלערנ אונ מערקנ אָנ די וועגנ אַפ אויספּאַריכטנ זיי.

צולעצט, דאָס פאָלק קאָנטראָלירט דורכ די אָנפירער פונ לאַנד בײַם די וואַלנ אינ די מאַכט־אָרגאַנענ פונ סאָוועטנפאַרבאַנד דורכ אַלגעמיינער, גלײַכער, דירעקטער אונ געהיימער אָפּשטימונג.

די אויפגאַבע באַשטייט אינ דעם, מע זאָל פאַרייניקנ דעם קאָנטראָל פונ אויבנ מיטנ קאָנטראָל פונ אונטנ.

5) וואָס באַטײַט—לערנענ די קאַדרענ אַפ זייערע אייגענע פעלערנ?

לענינ האָט געלערנט, אַז דאָס געוויסנהאַפט אויפדעקנ די פעלערנ פונ דער פּאַרטיי, דאָס דערלערנענ די סיבעס, וועלכע האָבנ געבוירנ די דאָזיקע פעלערנ, אונ דאָס אָנמערקנ די וועגנ, וואָס זײַנענ נייטיק אַפ צו אויספּאַריכטנ די דאָזיקע פעלערנ, איז איינער פונ די זיכערסטע מיטלענ פונ ריכטיק לערנענ אונ דערציִענ די פּאַרטייִשע קאַדרענ, פונ ריכטיק לערנענ אונ דערציִענ דעם אַרבעטער־קלאַס אונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ. לענינ זאָגט:

„די באַציִונג פונ דער פּאָליטישער פּאַרטיי צו אירע פעלערנ איז איינער פונ די וויכטיקסטע אונ זיכערסטע קריטעריענ פונ דער ערנסטקײַט פונ דער פּאַרטיי אונ פונ דעם, אַז זי פילט אויס ווירקלעכ אירע פליכטנ צו איר קלאַס אונ צו די אַרבעטנדיקע מאַסנ. אָפנ אַנערקענענ דעם פעלער, אויפדעקנ זײַנע סיבעס, דורכאַנאַליזירנ די אומגעבונג, וואָס האָט אים געבוירנ, אויפמערקזאַם באַהאַנדלענ די מיטלענ, אויספּאַריכטנ דעם פעלער—אָט דאָס איז אַ סימענ פונ אַנ ערנסטער פּאַרטיי, אָט דאָס הייסט, אַז זי פילט אויס אירע פליכטנ, אָט דאָס הייסט—דערציִענ אונ לערנענ דעם קלאַס, אונ דערנאָכ אויכ די מאַסנ".

דאָס באַטײַט, אַז די פליכטנ פונ די באָלשעוויקעס איז ניט פאַרשמירנ די אייגענע פעלערנ, ניט אויסדרייענ זיכ פונ דער פראַגע וועגנ זייערע פעלערנ, ווי עס טרעפט אָפט בא אונדז, נאָר ערלעכ אונ אָפנ אַנערקענענ די אייגענע פעלערנ, ערלעכ אונ אָפנ אָנמערקנ די וועגנ אַפ צו אויספּאַריכטנ די דאָזיקע פעלערנ, ערלעכ אונ אָפנ אויספּאַריכטנ די אייגענע פעלערנ.

איכ וואָלט ניט געזאָגט, אַז אַסאַכ פונ אונדזערע כאַווייריִם וואָלטנ מיט פאַרגעניגנ אײַנגעגאַנגענ אַפ דער דאָזיקער זאַכ. אָבער באָלשעוויקעס, אויב זיי ווילנ

ווירקלעכ זײַנ באָלשעוויקעס, דארפנ אינ זיכ געפינענ מוטיקײַט אָפנ צו אנערקענענ די אייגענע פעלערנ, אופדעקנ זייערע סיבעס, אָנמערקנ די וועגנ אפ אויספאריכטנ זיי אונ דורכ דעמ העלפנ דער פארטיי צו געבנ די קאדרענ א ריכטיקע לערע אונ א ריכטיקע פאָליטישע דערציִונג. ווײַל נאָר אפ דעמ דאָזיקנ וועג, נאָר אינ דער אומגעבונג פונ·אנ אָפענער אונ ערלעכער זעלבסטקריטיק קענ מענ דערציִענ ווירקלעכ באָלשעוויסטישע קאדרענ, קענ מענ דערציִענ ווירקלעכע באָלשעוויסטישע לידערס.

צוויי בײַשפילנ, וואָס דעמאָנסטרירנ די ריכטיקײַט פונ דער אײַנשטעלונג פונ לענינענ.

לאָמיר נעמענ, צומ בײַשפיל, אונדזערע פעלערנ מיט דער קאָלווירטישער בויונג. איר געדענקט, קענ זײַנ, דאָס יאָר 1930, ווענ אונדזערע פארטיי־כאווײרימ האָבנ געטראכט צו לייזנ די קאָמפליצירטסטע פראגע פונ אריבערפירנ דאָס פויערטומ אפ דער קאָלווירטישער בויונג אינ וואָסערע 3—4 כאדאָשימ אונ ווענ דער צענטראל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי איז געווענ געצווונגענ אראָפזעצנ די זיכ פארכאפנדיקע כאווײרימ. דאָס איז געווענ איינע פונ די סאמע געפערלעכע פעריִאָדנ אינעמ לעבנ פונ אונדזער פארטיי. דער פעלער איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס אונדזערע פארטיי־כאווײרימ האָבנ פארגעסנ וועגנ דער פרײַוויליקײַט פונ דער קאָלווירטישער בויונג, האָבנ פארגעסנ, אז מע קענ ניט אריבערפירנ די פויערימ אפנ קאָלווירטישנ וועג דורכ אדמיניסטראטיווג דרוק, האָבנ פארגעסנ, אז די קאָלווירטישע בויונג פאָדערט ניט עטלעכע כאדאָשימ, נאָר עטלעכע יאָר פלײַסיקע אונ דורכגעטראכטע ארבעט. זיי האָבנ פארגעסנ וועגנ דעמ אונ האָבנ ניט געוואָלט אנערקענענ זייערע פעלערנ. איר געדענקט, קאָנ זײַנ, אז די אָנווײַזונג פונ צק וועגנ דעמ קאָפשווינדל פונ דערפאָלגנ אונ וועגנ דעמ, אז אונדזערע כאווײרימ אפ די ערטער זאָלנ ניט פארלויפנ פאָרויס, איגנאָרירנדיק די רעאלע אומגעבונג,—איז באגעגנט געוואָרנ אפ שפיזנ. אָבער דאָס האָט ניט אָפגעהאלטנ דעמ צק פונ דעמ, צו גיינ קעגנ דעמ שטראָמ אונ א קער טאָנ אונדזערע פארטיי־כאווײרימ אפנ ריכטיקנ וועג. איז וואָס־זשע? איצט איז קלאָר פאר אלעמענ, אז די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ אירס, א קער־טאָנדיק אונדזערע פארטיי־כאווײרימ אפנ ריכטיקנ וועג. איצט זײַנענ בא אונדז פא־ראנ צענדליקער טויזנטער גלענצנדיקע קאדרענ פונ פויערימ אינ דער קאָלווירטישער בויונג אונ קאָלווירטישער אָנפירונג. די דאָזיקע קאדרענ זײַנענ אויסגעוואקסנ אונ דערצויגנ געוואָרנ אפ די פעלערנ פונ 1930 יאָר. אָבער די דאָזיקע קאדרענ וואָלטנ בא אונדז ניט געווענ איצט, ווענ די פארטיי וואָלט דעמלט ניט באזיניקט אירע פעלערנ אונ וואָלט זיי ניט אויסגעפאריכט באצײַטנס.

א צווייטער בײַשפיל שוינ פונעמ געביט פונ דער אינדוסטריִעלער בויונג. איכ האָב אינ זינענ אונדזערע פעלערנ אינעמ פעריִאָד פונ דער שאכטינער שעדיקערײַ. אונדזערע פעלערנ זײַנענ באשטאנענ אינ דעמ, וואָס מיר האָבנ ניט דיסקאָנטירט די גאנצע געפאר פונ דער טעכנישער אָפגעשטאנענקײַט פונ אונדזערע קאדרענ אינ דער אינדוסטריע, מיר האָבנ שאָלעמ געמאכט מיט דער דאָזיקער אָפגעשטאנענקײַט אונ האָבנ געטראכט פאנאנדערצוּוויקלענ א ברייטע סאָציִאליסטישע אינדוסטריִעלע בויונג בא דער הילפ פונ פײַנטלעכ געשטימטע ספעציִאליסטנ, פארורטיילנדיק אונדזערע

ווירטשאַפטלעכע קאַדרענ צו דער ראָלע פונ שלעכטע קאָמיסאַרנ באַ בורזשואַזע ספּעציאַליסטנ. איר געדענקט, קענ זייַנ, ווי אומגערנ אונדזערע ווירטשאַפטלעכע קאַדרענ האָבנ דעמלט אָנערקענט זייערע פעלערנ, ווי אומגערנ זיי האָבנ אָנערקענט זייער טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייַט און ווי שווער זיי פלעגנ באַנעמענ דעמ לאָזונג „באַהערשנ די טעכניק". איז וואָס־זשע? די פאַקטנ באַווייַזנ, אַז דער לאָזונג „באַהערשנ די טעכניק" האָט געהאַט זייַנ ווירקונג און האָט געגעבנ זייַנע גוטע רעזולטאַטנ. איצט זייַנענ באַ אונדז פאַראַנ צענדליקער און הונדערטער טויזנטער גלענצנדיקע באָלשעוויסטישע ווירטשאַפטלעכע קאַדרענ, וואָס האָבנ שוינ באַהערשט די טעכניק און באַוועגנ פאָרויס אונדזער אינדוסטריע. אָבער די דאָזיקע קאַדרענ וואָלטנ איצט באַ אונדז ניט געווענ, ווענ די פאַרטיי וואָלט קאַפּיטולירט פאַר דער אַקשאַנעס פונ די ווירטשאַפטלער, וועלכע האָבנ ניט געוואָלט אָנערקענענ זייערע טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייַט, ווענ די פאַרטיי וואָלט דאַנ ניט באַזיניקט אירע פעלערנ און וואָלט זיי באַצייַטנס ניט אויסגעפּאַריכט.

אייניקע כאַווײרימ זאָגנ, אַז ס'איז ניט צוועקמעסיק צו ריידנ אָפֿנ וועגנ די אייגענע פעלערנ, ווייַל דאָס אָפֿנ אָנערקענענ די אייגענע פעלערנ קענ אָפּגעשאַצט ווערנ דורכ אונדזערע סאָנימ ווי אונדזער שוואַכקייַט, און קענ דורכ זיי אויסגענוצט ווערנ. דאָס זייַנענ פּוסטע זאַכנ, כאַווײרימ, עמעסע פּוסטע זאַכנ. דאָס אָפֿנ אָנערקענענ אונדזערע פעלערנ און דאָס ערלעכ אויספאַריכטנ זיי, קענ, פאַרקערט, בלויז פאַרשטאַרקנ אונדזער פאַרטיי, אויפהויבנ דעמ אויטאָריטעט פונ אונדזער פאַרטיי אינ די אויגנ פונ די אַרבעטער, פּויערימ, פונ דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענצ, אויפהויבנ די קראַפט און די מעכטיקייַט פונ אונדזער מעלוכע. און דאָס איז דער איקער. וואָלטנ נאָר מיט אונדז געווענ די אַרבעטער, די פּויערימ, די אַרבעטנדיקע אינטעליגענצ, און אַלדאָס איבעריקע וועט קומענ.

אַנדערע כאַווײרימ זאָגנ, אַז דאָס אָפֿנ אָנערקענענ אונדזערע פעלערנ קענ ברענגענ ניט צומ לערנענ און פאַרפעסטיקנ אונדזערע קאַדרענ, נאָר צומ אָפּשוואַכנ און צעשטרייענ זיי, אַז מיר דאַרפנ שאַנעווענ און היטנ אונדזערע קאַדרענ, אַז מיר דאַרפנ שאַנעווענ זייער אייגנליבע און רו. צוליב דעמ לייגנ זיי פאָר פאַרשמירנ די פעלערנ פונ אונדזערע כאַווײרימ, אָפּשוואַכנ די קראַפט פונ דער קריטיק, און נאָכ בעסער — פאַרבייַגיינ די דאָזיקע פעלערנ. אַזאַ אייַנשטעלונג איז ניט נאָר אינ גרונט ניט קיינ ריכטיקע, נאָר איז אויכ אַ העכסט געפערלעכע, אַ געפערלעכע פריער פאַר אַלצ פאַר די קאַדרענ, וועלכע מע וויל „שאַנעווענ" און „היטנ". שאַנעווענ און היטנ די קאַדרענ באַ דער הילפ פונ פאַרשמירנ זייערע פעלערנ, — דאָס הייסט אפ זיכער אומברענגענ די דאָזיקע קאַדרענ. מיר וואָלטנ אפ זיכער אומגעבראַכט אונדזערע קאָלווירטישע באָלשעוויסטישע קאַדרענ, ווענ מיר וואָלטנ ניט אויפגעדעקט די פעלערנ פונ 1930 יאָר און וואָלטנ זיי ניט געלערנט אפ די דאָזיקע פעלערנ. מיר וואָלטנ אפ זיכער אומגעבראַכט אונדזערע אינדוסטריעלע באָלשעוויסטישע קאַדרענ, ווענ מיר וואָלטנ ניט אויפגעדעקט די פעלערנ פונ אונדזערע כאַווײרימ אינ פאַריאָר פונ דער שאַכטינער שעדיקערייַ און וואָלטנ ניט געלערנט אונדזערע אינדוסטריעלע קאַדרענ אפ די דאָזיקע פעלערנ. ווער עס טראַכט שאַנעווענ די אייגנליבע פונ אונדזערע קאַדרענ דורכ פאַרשמירנ זייערע פעלערנ, יענער ברענגט אומ סייַ די קאַדרענ,

סײַ די אײגנליבע פונ די קאדרעג, ווײַל דורכ פארשמירנ זײערע פעלערנ פארלײַכטערט ער די איבערכאַזערונג פונ נײַע, קענ זײַנ, מער ערנסטע פעלערג, וואָס וועלנ, דארפ מענ טראכטנ, ברענגענ צו א פולשטענדיקנ דורכפאל פונ די קאדרענ צומ שאָדנ פונ זײער „אײגנליבע” אונ „רויִקײַט”.

6) לענינ האָט אונדז געלערנט ניט נאָר לערנענ די מאסנ, נאָר אויכ לערנענ זיכ בא די מאסנ.

וואָס באַטײַט עס?

דאָס באַטײַט, ערשטנס, אז מיר, אָנפירער, טאָרנ זיכ ניט פאַרײַסנ אונ דארפנ פארשטײנ, אז אויב מיר זײַנען מיטגלידער פונ צק אָדער פאָלקס־קאָמיסארנ, הײסט עס נאָכ ניט, אז מיר באזיצנ אלע קענטענישנ, וואָס זײַנענ נײטיק פאר דעמ, קעדײ צו אָנפירנ ריכטיק. דער ראנג אנ אונ פאר זיכ גיט ניט קײנ וויסנ אונ קײנ דערפארונג. דער טיטל—נאָכ מער.

דאָס באַטײַט, צווײטנס, אז אונדזער דערפארונג אלײנ, די דערפארונג פונ די אָנפירער איז ניט גענוג פאר דעמ, קעדײ צו אָנפירנ ריכטיק, אז ס'איז נײטיק, אלזאָ, צו דערגענצנ די אײגענע דערפארונג, די דערפארונג פונ די אָנפירער מיט דער דערפארונג פונ די מאסנ, מיט דער דערפארונג פונ דער פארטײיִשער מאסע, מיט דער דערפארונג פונעמ ארבעטער־קלאס, מיט דער ד'ערפארונג פונ פאָלק.

דאָס באַטײַט, דריטנס, אפ קײנ אײנ מינוט ניט אָפּשוואכנ, אונ נאָכ מער, ניט צערײַסנ אונדזערע פארבינדונגענ מיט די מאסנ.

דאָס באַטײַט, פערטנס, פילבאר צוהערנ זיכ צו דער שטימ פונ די מאסנ, צו דער שטימ פונ די דורכשניטלעכע פארטײ־מיטגלידער, צו דער שטימ פונ די אזוי גערופענע „קלײנינקע מענטשנ”, צו דער שטימ פונ פאָלק.

וואָס באַטײַט ריכטיק אָנפירנ?

דאָס באַטײַט אוואדע ניט זיצנ אינ קאנצעליאריע אונ שטעפּנ דירעקטיוונ.

ריכטיק אָנפירנ—דאָס באַטײַט:

ערשטנס, געפינענ א ריכטיקע לײזונג פונ דער פראגע. אונ א ריכטיקע לײזונג איז אוממעגלעכ צו געפינענ אָנ דעמ דיסקאָנט פונ דער דערפארונג פונ די מאסנ, וואָס פילנ אפ זײער אײגענער פלײצע די רעזולטאטנ פונ אונדזער אָנפירונג;

צווײטנס, אָרגאניזירנ דאָס דורכפירנ אינ לעבנ די ריכטיקע לײזונג, וואָס מע קענ אָבער ניט מאכנ אָנ דער דירעקטער הילפ מיצאד די מאסנ;

דריטנס, אָרגאניזירנ א קאָנטראָל איבערנ אויספילנ דעמ דאָזיקנ באשלוס, וואָס עס איז ווידעראמאָל ניט מעגלעכ צו טאָנ אָנ דער דירעקטער הילפ פונ די מאסנ.

מיר, אָנפירער, זעענ זאכנ, געשעענישנ, מענטשנ בלויז פונ אײנ זײַט, איכ וואָלט געזאָגט—פונ אויבנ, אונדזער האָריזאָנט איז, אלזאָ, מער אָדער ווייניקער באגרענעצט. די מאסנ, פארקערט, זעענ זאכנ, געשעענישנ, מענטשנ פונ אנ אנדער זײַט, איכ וואָלט געזאָגט,—פונ אונטנ, זײער האָריזאָנט איז אויכ, אלזאָ, אינ א געווײסער מאָס באגרענעצט. קעדײ צו באקומענ א ריכטיקע לײזונג פונ דער פראגע, דארפ מענ פארײניקנ די דאָזיקע צווײ דערפארונגענ. בלויז אינ אזא פאל וועט די אָנפירונג זײַנ א ריכטיקע.

אָט וואָס עס באַטײַט ניט נאָר לערנענ די מאסנ, נאָר אויכ לערנענ זיכ בא די מאסנ,

צוויי בײַשפּילנ, וואָס דעמאָנסטרירנ די ריכטיקײַט פונ דער דאָזיקער שטעלונג פונ לענינענ.

דאָס איז געווענ מיט עטלעכע יאָר צוריק. מיר, מיטגלידער פונ צק, האָבנ באהאנדלט די פראגע וועגנ פארבעסערנ די לאגע אינ דאָנבאס. דער פּראָיעקט פונ די מאָסמיטלענ, וועלכנ עס האָט צוגעשטעלט דער פאָלקאָמאט פונ דער שווערער אינדוסטריע, איז געווענ אנ אויסגעשפּראָכנ ניט באפרידיקנדיקער. דרײַ מאָל האָט מענ אומגעקערט דעמ פּראָיעקט אינ פאָלקאָמאט פונ דער שווערער אינדוסטריע. דרײַ מאָל האָט מענ באקומענ פונ פאָלקאָמאט פונ דער שווערער אינדוסטריע אלצ פארשיידענע פּראָיעקטנ. אונ פונדעסטוועגנ האָט מענ ניט געקענט אנערקענענ זיי פאר באפרידיקנדיקע. צולעצט, האָבנ מיר באשלאָסנ ארויסרופנ פונ דאָנבאס עטלעכע ארבעטער אונ דורכשניטלעכע ווירטשאפטלעכע אונ פּראָפעסיאָנעלע טוער. דרײַ טעג האָט מענ געשמועסט מיט די דאָזיקע כאווײרימ. אונ מיר אלע, די מיטגלידער פונ צק האָבנ געמוזט אנערקענענ, אז נאָר זיי, די דאָזיקע דורכשניטלעכע טוער, די דאָזיקע „קלייניקע מענטשנ" האָבנ געקאָנט אונטערזאָגנ אונדז א ריכטיקע לײזונג. איר געדענקט, קענ זײַנ, דעמ באוווסטנ באשלוס פונ צק אונ פונ ראטפאָלקאָמ וועגנ די מאָסמיטלענ פונ פארשטארקנ דעמ קוילנ־ארויסבאקומ אינ דאָנבאס. איז אָט דעמ דאָזיקנ באשלוס פונ צק אונ פונ ראטפאָלקאָמ, וואָס איז אנערקענט געוואָרנ דורכ אלע אונדזערע טוער פאר א ריכטיקנ אונ אפילע פאר א בארימטנ באשלוס, האָבנ אונדז אונטערגעזאָגט פּשוטע מענטשנ פונ אונטנ.

א צווייטער בײַשפּיל, איכ האָב אינ זינענ דעמ בײַשפּיל מיט דער כ־טע ניקאָלײַענקאָ. ווער איז ניקאָלײַענקאָ? ניקאָלײַענקאָ — דאָס איז א דורכשניטלעכער פארטיי־מיטגליד, זי איז א געוויינלעכער „קלייניקער מענטש". א גאנצנ יאָר האָט זי דערלאנגט סיגנאלנ וועגנ דעמ, אז ס'איז ניט קעשורע אינ דער פארטיי־אָרגאניזאציע אינ קיִעוו, האָט דעמאסקירט מישפּאָכעדיקײַט, דעמ קליינבירגערלעכ־באלעבעסלדיקנ צוגאנג צו טוער, דאָס שטיקנ די זעלבסטקריטיק, דאָס באלעבאטעווענ פונ טראָצקיסטישע שעדיקער. מע פלעגט זיכ פונ איר אָפּטרייסלענ, ווי פונ א זלידנער פליג. צולעצט, קעדיי צו פּאָטער ווערנ פונ איר, האָט מענ גענומענ אונ אויסגעשלאָסנ זי פונ פארטיי. ניט די קיִעווער אָרגאניזאציע, ניט דער צק קפּ(ב)או האָבנ איר ניט געהאָלפנ צו דערשלאָגנ זיכ דעמ עמעס. בלויז די ארײַנמישונג פונ צענטראל־קאָמיטעט פונ פארטיי האָט געהאָלפנ צעפּלאָנטערנ דעמ דאָזיקנ פארפּלאָנטערטנ קנופּ. אונ וואָס איז קלאָר געוואָרנ נאָכנ פאנאנדערקלײַבנ דעמ איניענ? עס איז קלאָר געוואָרנ, אז ניקאָלײַענקאָ איז געווענ גערעכט, אונ די קיִעווער אָרגאניזאציע איז געווענ ניט גערעכט. ניט מער, ניט ווייניקער. אונ ווער איז ניקאָלײַענקאָ? זי איז, פארשטייט זיכ, ניט קיינ מיטגליד פונ צק, זי איז ניט קיינ פאָלקס־קאָמיסאר, זי איז ניט קיינ סעקרעטאר פונ דער קיִעווער געגנטלעכער אָרגאניזאציע, זי איז אפילע ניט קיינ סעקרעטאר פונ א וועלכנ ניט איז קעמערל, זי איז נאָר א פּאָשעטער דורכשניטלעכער פארטיי־מיטגליד.

ווי איר זעט, זײַנענ פּאָשעטע מענטשנ צומאָל אסאכ נעענטער צומ עמעס, ווי אייניקע הויכע אנשטאלטנ.

מע וואָלט געקאָנט ברענגענ נאָכ צענדליקער אונ הונדערטער אזוינע בײַשפּילנ.

עס קומט אויס אפ אזא אויפנ, אז קעדיי צו אָנפירנ מיט אונדזער זאכ איז בלויז אונדזער דערפארונג אליינ, די דערפארונג פונ אָנפירער, נאָכ ווייט ניט גענוגנדיק. קעדיי ריכטיק אָנצופירנ, איז נייטיק דערגענצנ די דערפארונג פונ די אָנפירער מיט דער דערפארונג פונ דער פארטייִשער מאסע, מיט דער דערפארונג פונעמ ארבעטער־קלאס, מיט דער דערפארונג פונ די ארבעטנדיקע, מיט דער דערפארונג פונ די אזוי גערופענע „קליינינקע מענטשנ".

אונ ווענ איז עס מעגלעכ?

דאָס איז מעגלעכ בלויז אינ דעמ פאל, אויב די אָנפירער זיינענ פארבונדנ מיט די מאסנ אפנ ענגסטנ אויפנ, אויב זיי זיינענ פארבונדנ מיט די פארטייִשע מאסנ, מיטנ ארבעטער־קלאס, מיטנ פויערטומ, מיט דער ארבעטנדיקער אינטעליגענצ.

די פארבינדונג מיט די מאסנ, דאָס פארפעסטיקנ די דאָזיקע פארבינדונג, די גרייטקייט צוצוהערנ זיכ צו דער שטימ פונ די מאסנ,—אָט אינ וואָס עס איז די קראפט אונ די אומבאזיגבארקייט פונ דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג.

מע קענ אנערקענענ אלס א קלאל, אז קאָלזמאנ די באָלשעוויקעס פארהיטנ די פארבינדונג מיט די ברייטע מאסנ פונ פאָלק, וועלנ זיי זיינ אומבאזיגבאר. אונ פארקערט, ס'איז גענוג פאר באָלשעוויקעס אָפצורייסנ זיכ פונ די מאסנ אונ פארלירנ די פארבינדונג מיט זיי, ס'איז גענוג זיי זאָלנ זיכ באדעקנ מיט ביוראָקראטישנ זשאווער, אז זיי זאָלנ פארלירנ יעטווידער קראפט אונ פארוואנדלענ זיכ אינ א גאָרנישט.

בא די אוראלטע גריכנ איז אינ דער סיסטעמ פונ זייער מיפאָלאָגיע געווענ א בארימטער העלד—אנטיי, וואָס איז געווענ, ווי עס דערציילט די מיפאָלאָגיע, א זונ פונ פאָסיידאָנענ—דעמ גאָט פונ די יאמענ אונ פונ גייענ—דער געטנ פונ דער ערד. ער האָט געפילט א באזונדערע צוגעבונדנקייט צו דער מוטער זיינער, וואָס האָט אימ געבוירנ, אויסגעהאָדעוועט אונ דערצויגנ. ס'איז ניט געווענ אזא העלד, וועמענ ער זאָל ניט באזיגנ—דער דאָזיקער אנטיי. ער האָט זיכ גערעכנט פאר אנ אומבאזיגבארנ העלד. אינ וואָס איז באשטאנענ זיינ קראפט? זי איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס יעדער מאָל, ווענ עס פלעגט אימ אינ קאמפ קעגנ סוינע אויסקומענ שווער, פלעגט ער זיכ צורירנ צו דער ערד, צו זיינ מוטער, וואָס האָט אימ געבוירנ אונ אויסגעהאָדעוועט, אונ פלעגט באקומענ א נייע קראפט. אָבער בא אימ איז פונדעסטוועגנ געווענ זיינ שוואכ אָרט—דאָס איז די געפאר צו ווערנ אפ א וואָסער ניט אינ אויפנ אָפגעריסנ פונ דער ערד. די סאָנימ האָבנ דיסקאָנטירט די דאָזיקע שוואכקייט זיינע אונ האָבנ אפ אימ געלויערט. אונ אָט האָט זיכ געפונענ א סוינע, וואָס האָט אויסגענוצט די דאָזיקע שוואכקייט זיינע אונ האָט אימ באזיגט. דאָס איז געווענ הערקולעס, אָבער וויִאזוי האָט ער אימ באזיגט? ער האָט אימ אָפגעריסנ פונ דער ערד, האָט אימ אופגעהויבנ אינ דער לופט, האָט בא אימ אָפגענומענ די מעגלעכקייט צוצורירנ זיכ צו דער ערד אונ האָט אימ אפ אזא אויפנ דערשטיקט אינדערלופטנ.

איכ מיינ, אז באָלשעוויקעס דערמאָנענ אונדז דעמ העלד פונ דער גריכישער מיפאָלאָגיע, אנטייענ. זיי זיינענ אויכ, אזוי ווי אנטיי, שטארק מיט דעמ, וואָס זיי האלטנ די פארבינדונג מיט זייער מוטער, מיט די מאסנ, וואָס האָבנ זיי געבוירנ, אויסגעהאָ־

דעוועט אונ דערצויגנ. אונ קאָלזמאַנ זיי האַלטנ פאַרבינדונג מיט זייער מוטער, מיטנ פאָלק, האָבנ זיי אַלע שאַנסנ אָפּ צו פאַרבלײַבנ אומבאַזיגבאַר.

אינ דעמ איז דער שליסל פונ דער אומבאַזיגבאַרקײַט פונ דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג.

7) צולעצט, נאָכ איינ פראַגע. איכ האָב אינ זינענ די פראַגע וועגנ דער פאָרמעלער אונ אומפילבאַר־ביוראָקראַטישער באַציִונג פונ אייניקע אונדזערע פאַרטיי־כאַווירים צומ גוירל פונ באַזונדערע פאַרטיי־מיטגלידער, צו דער פראַגע וועגנ אויסשליסנ פונ פאַרטיי פאַרטיי־מיטגלידער, אָדער צו דער פראַגע וועגנ אופשטעלנ די אויסגעשלאָסענע אינ די רעכט אַלס פאַרטיי־מיטגלידער. די זאַכ איז אינ דעמ, וואָס אייניקע אונדערע פאַרטייִשע אָנפירער לײַדנ אָפּ דער אָפּוועזנהײַט פונ אופמערקזאַמקײַט צו מענטשנ, צו פאַרטיי־מיטגלידער, צו טוער. נאָכ מער, זיי דערלערנענ ניט די פאַרטיי־מיטגלידער, זיי ווייסנ ניט מיט וואָס זיי לעבנ אונ וויִאַזוי זיי וואַקסנ, זיי קענענ בּיכלאַל ניט די טוער. דעריבער איז בּאַ זיי ניטאָ קיינ אינדיווידועלער צוגאַנג צו די פאַרטיי־מיטגלידער, צו די פאַרטיי־טוער. אונ טאַקע דערפאַר, ווײַל עס איז בּאַ זיי ניטאָ קיינ אינדיווידועלער צוגאַנג באַמ אָפּשאַצנ די פאַרטיי־מיטגלידער אונ די פאַרטיי־טוער טוענ זיי געוויינלעכ גלאַט אינ דער וועלט אַרײַנ: אָדער זיי לויבנ זיי אַהולאָמ, אָנ אַ מאָס, אָדער זיי שלאָגנ זיי אויכ אַהולאָמ אונ אָנ אַ מאָס, שליסנ אויס פונ פאַרטיי אינ די טויזנטער אונ צענדליקער טויזנטער. אַזעלכע אָנפירער סטאַרענ זיכ אינ אַלגעמיינ צו דענקענ אינ די צענדליקער טויזנטער, ניט זאָרגנדיק וועגנ „איינצלנע“, וועגנ באַזונדערע פאַרטיי־מיטגלידער, וועגנ זייער גוירל. אויסשליסנ פונ פאַרטיי טויזנטער אונ צענדליקער טויזנטער מענטשנ האַלטנ זיי פאַר אַ גאָרנישטדיקער זאַכ, טרייסטנדיק זיכ מיט דעמ, וואָס די פאַרטיי איז בּאַ אונדז אַ 2־מיליאָניקע אונ צענדליקער טויזנטער אויסגעשלאָסענע קענענ ניט ענדערנ וואָס ניט איז אינ דער לאַגע פונ דער פאַרטיי. אָבער אַזוי קאָנענ צוגיינ צו פאַרטיי־מיטגלידער בלויז מענטשנ, אינ טאָכ גענומענ, טיפּ אַנטיפאַרטייִשע.

אינ רעזולטאַט פונ אַזאַ אומפילבאַרער באַציִונג צו מענטשנ, צו פאַרטיי־מיטגלידער אונ פאַרטיי־טוער שאַפּט זיכ קינסטלעכ אַנ אומצופרידנקײַט אונ אַ דערצאָרענונג אינ איינ טייל פונ דער פאַרטיי, אונ די טראָצקיסטישע צווייפּנעמדיקע כאַפּנ אונטער פלינק אַזעלכע דערצאָרנטע כאַווירימ אונ שלעפּנ זיי געניט נאָכ זיכ אינעמ זומפּ פונ דער טראָצקיסטישער שעדיקערײַ.

אַנ אונ פאַר זיכ האָבנ די טראָצקיסטנ קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט קיינ גרויסע קראַפט אינ אונדזער פאַרטיי. דערמאָנט זיכ די לעצטע דיסקוסיע אינ אונדזער פאַרטיי אינ 1927 יאָר, דאָס איז געווענ אַנ עמעסער פאַרטייִשער רעפערענדומ. פונ 854 טויזנט פאַרטיי־מיטגלידער האָבנ דעמלט געשטימט 730 טויזנט פאַרטיי־מיטגלידער. פונ זיי האָבנ פאַר די באָלשעוויקעס, פאַרנ צענטראַל־קאָמיטעט פונ פאַרטיי קעגנ די טראָצקיסטנ געשטימט 724 טויזנט פאַרטיי־מיטגלידער, פאַר די טראָצקיסטנ — 4 טויזנט פאַרטיי־מיטגלידער, דאָס הייסט, אַרומ אַ האַלבנ פּראָצענט, אונ עס האָבנ זיכ אָפּגעהאַלטנ 2600 פאַרטיי־מיטגלידער. עס האָבנ ניט אָנטיילגענומענ אינ דער אָפּשטימונג 123 טויזנט פאַרטיי־מיטגלידער. זיי האָבנ ניט אָנטיילגענומענ אָדער דערפאַר, ווײַל זיי זײַנענ געווענ אַוועקגעפאָרנ, אָדער דערפאַר, ווײַל זיי זײַנענ געווענ אָפּ די

סמענעס. אויב מע זאָל צו די 4 טויזנט, וואָס האָבנ געשטימט פאר די טראָצקיסטנ, צוגעבנ אלע, וואָס האָבנ זיכ אָפגעהאלטנ,—האלטנדיק, אז זיי האָבנ אויכ מיטגעפילט די טראָצקיסטנ, אונ אויב מע זאָל צו דער דאָזיקער סומע צוגעבנ ניט דעמ האלבנ פראָצענט, וואָס האָבנ ניט אָנטיילגענומענ אינ דער אָפשטימונג, ווי מע האָט עס געדארפט טאָנ לויטנ קלאַל, נאָר 5 פראָצענט, וואָס האָבנ ניט אָנטיילגענומענ, דאָס הייסט, ארומ 6 טויזנט פארטיי־מיטגלידער, וועט זיכ באקומענ ארומ 12 טויזנט פארטיי־מיטגלידער, וועלכע האָבנ אזוי אָדער אנדערש מיטגעפילט דעמ טראָצקיזמ. אָט האָט איר אײַכ די גאנצע קראפט פונ די הערנ טראָצקיסטנ.

גיט צו דערצו דעמ אומשטאנד, וואָס אסאכ פונ דער דאָזיקער צאָל האָבנ זיכ אנטוישט אינעמ טראָצקיזמ אונ זײַנענ אָפגעגאנגענ פונ אימ, אונ איר וועט באקומענ א פאָרשטעלונג וועגנ דער נישטיקײַט פונ די טראָצקיסטישע קויכעס, אונ אויב, ניט געקוקט אפ דעמ, פארמאָגנ פונדעסטוועגנ די טראָצקיסטישע שעדיקער וועלכע עס איז רעזערוונ ארומ אונדזער פארטיי, איז עס דערפאר, ווײַל די ניט ריכטיקע פאָליטיק פונ אייניקע אונדזערע כאווײרימ אינ דער פראגע פונ אויסשליסנ פונ פארטיי אונ אופשטעלנ די אויסגעשלאָסענע, די אומפילבארע באציִונג פונ אייניקע אונדזערע כאווײרימ צומ גורל פונ באזונדערע פארטיי־מיטגלידער אונ באזונדערע טוער פארמערנ קינסטלעכ די צאָל אומצופרידענע אונ דערצאָרנטע אונ שאפנ, אפ אזא אופנ, פאר די טראָצקיסטנ די דאָזיקע רעזערוונ.

מע שליסט אויס מערסטנטייל פאר דער אזויגערופענער פאסיווקײַט. וואָס איז אזוינס פאסיווקײַט? מע רעכנט, ווײַזט זיכ אָרויס, אז אויב א פארטיי־מיטגליד האָט ניט ב א נ ו מ ע נ די פראָגראמ פונ פארטיי, איז ער פאסיוו אונ דארפ אויסגעשלאָסנ ווערנ. אָבער דאָס איז דאָכ ניט ריכטיק, כאווײרימ. מע קענ דאָכ ניט אזוי פעדאנטיש טײַטשנ דעמ סטאטוט פונ אונדזער פארטיי. קעדיי צו באנעמענ די פראָגראמ פונ פארטיי, דארפ מענ זײַנ אנ עמעסער מארקסיסט, א דורכגעקאָנטראָלירטער אונ טעאָרעטיש צוגעגרייטער מארקסיסט. איכ ווייס ניט, צי וועלנ זיכ בא אונדז געפינענ אסאכ פארטיי־מיטגלידער, וואָס האָבנ שוינ באנומענ אונדזער פראָגראמ, זײַנענ געוואָרנ עמעסע מארקסיסטנ, טעאָרעטיש צוגעגרייטע אונ דורכגעקאָנטראָלירטע. אויב מע זאָל גיינ ווײַטער מיט דעמ דאָזיקנ וועג, וואָלט אונדז אויסקומענ איבערלאָזנ אינ פארטיי בלויז אינטעליגענטנ אונ ביכלאַל מענטשנ געלערנטע. ווער דארפ אזא פארטיי? בא אונדז איז פאראנ א לענינישע פאָרמול, וואָס איז דורכגעקאָנטראָלירט אונ האָט אויסגעהאלטנ אלע אויספרווונג וועגנ מיטגלידערשאפט אינ דער פארטיי. לויט דער דאָזיקער פאָרמול רעכנט זיכ פאר א פארטיי־מיטגליד יענער, וואָס א נ ע ר ק ע נ ט די פראָגראמ פונ פארטיי, צאָלט מיטגלידס־אָפצאָל אונ ארבעט אינ איינער פונ אירע אָרגאניזאציעס. ווענדעט די אופמערקזאמקײַט: אינ דער לענינישער פאָרמול ווערט גערעדט ניט וועגנ ב א נ ע מ ע נ די פראָגראמ, נאָר וועגנ א נ ע ר ק ע נ ע נ די פראָגראמ. דאָס זײַנענ צוויי גאָר פארשיידענע זאכנ. מענ דארפ אפילע ניט דערווײַזנ, אז גערעכט איז דאָ לענינ אונ ניט אונדזערע פארטיי־כאווײרימ, וואָס פלאפלענ אומזיסט וועגנ באנעמענ די פראָגראמ. עס איז טאקע פארשטענדלעכ, ווענ די פארטיי וואָלט ארויסגעגאנגענ פונ דעמ, אז פארטיי־מיטגלידער קענענ זײַנ בלויז אזוינע כאווײרימ, וואָס האָבנ שוינ באנומענ די פראָגראמ אונ זײַנענ געוואָרנ טעאָרעטיש

צוגעגרייטע מארקסיסטנ, וואָלט זי ניט געשאפנ אינ פארטיי קיינ טויזנטער פארטיי־קרײַזנ, קיינ הונדערטער פארטיי־שולנ, ווו מע לערנט די פארטיי־מיטגלידער, דעמ מארקסיזמ אונ מע העלפט זיי באנעמענ אונדזער פראָגראמ. ס׳איז אינגאנצנ קלאָר, אז אויב די פארטיי אָרגאניזירט אזוינע שולנ אונ קרײַזנ צווישנ פארטיי־מיטגלידער, איז דאָס דערפאר, ווײַל זי ווייס, אז פארטיי־מיטגלידער האָבנ נאָכ ניט באוויזנ צו באנעמענ די פארטיי־פראָגראמ, האָבנ נאָכ ניט באוויזנ צו ווערנ טעאָרעטיש צוגעגרייטע מארקסיסטנ.

אלזאָ, קעדיי אויסגלײַכנ אונדזער פאָליטיק אינ דער פראגע וועגנ מיטגלידערשאפט אינ פארטיי אונ וועגנ אויסשליסנ פונ פארטיי, איז נייטיק מאכנ א סאָפ מיט דער איצטיקער טעמפקעפיקער טראקטירונג פונ דער פראגע וועגנ פאסיווקײַט.

אָבער ס׳איז פאראנ בא אונדז נאָכ אנ אנדער זינד אינ דעמ געביט. די זאכ איז אינ דעמ, וואָס אונדזערע כאוויירימ אנערקענענ ניט דעמ מיטנ צווישנ צוויי עקסטרעמקײַטנ. ס׳איז גענוג, אז אנ ארבעטער, א פארטיי־מיטגליד זאָל זיכ עטוואָס פארשולדיקנ, פארשפעטיקנ אמאָל אָדער צוויי אפ א פארטיי־פארזאמלונג, ניט באצאָלנ צוליב וואָס ניט איז קיינ מיטגלידס־אָפצאָל, מע זאָל אימ אינ איינ אויגנבליק ארויסווארפנ פונ פארטיי. מענ אינטערעסירט זיכ ניט מיט דער מאָס פונ זײַנ שולד, מיט דער סיבע פונ ניט קומענ אפ דער פארזאמלונג, מיט דער סיבע פונ ניט צאָלנ קיינ מיטגלידס־אָפצאָל. דער ביוראָקראטיזמ אינ די דאָזיקע פראגנ איז, מאמעש, א ניט געזעענער. ס׳איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז טאקע אינ רעזולטאט פונ אזא אומפילבארער פאָליטיק זײַנענ ארויסגעוואָרפנ געוואָרנ פונ פארטיי מערקווירדיקע קאדראָווע ארבעטער, גלענצנדיקע סטאכאנאָווצעס. אָבער צי דענ האָט מענ ניט געקענט, פארנ אויסשליסנ פונ פארטיי, מאכנ א וואָרענונג, אויב דאָס ווירקט ניט — שטעלנ צו קענטעניש, אָדער ארויסטראָגנ אנ אויסרייד, אויב דאָס ווירקט אויכ ניט — אײַנשטעלנ א טערמינ אפ אויסבעסערנ זיכ אָדער, אינ לעצטנ פאל, אריבערפירנ אינ קאנדידאטנ, אָבער ניט אויסשליסנ מיט איינ קלאָפ פונ פארטיי? געוויס, האָט מענ געקענט. אָבער צוליב דעמ איז נייטיק אנ אופמערקזאמע באציִונג צו מענטשנ, צו פארטיי־מיטגלידער, צומ גורל פונ פארטיי־מיטגלידער. אונ דאָס טאקע פעלט בא אייניקע אונדזערע כאווײרימ.

ס׳איז צײַט, כאווײרימ, שוינ לאנג צײַט מאכנ א סאָפ מיט דער דאָזיקער העסלעכקײַט (אפלאָדיסמענטנ).

---

מאָטע דעכטיאַר

# די גרויסע נעסיע

קיינ גרעסערע פרײַהײַטנ האָט זיכ אמאָל וועלוול דער באַלעגאָלע ניט פאָרגעשטעלט— ס'וועט קומענ א צײַט, אונ ער, וועלוול דער באַלעגאָלע, וועט זיכ אָנטאָנ אינ א נײַעמ באַלאכאָנ, וועט זיכ אײַנמאָסטיענ ווי עס דארפ צו זײַנ אפ די קאָזלעס אונ וועט א שמײַס טאָנ פראנק אונ פרײַ אפ אַלע וועגנ. סע וועט אימ קיינער ניט אָפשטעלנ. מע וועט אימ קיינער ניט אומקערנ צוריק. שטעט וועלנ פאר אימ ברייט צעעפנענ די טויערנ, די וועלט וועט זיכ צו אימ אויסקערנ מיטנ פּאָנעמ—ווילסט וועלוול אינ מאָסקווע? פאָר דיר, וועלוול, אינ מאָסקווע, ווילסט אינ פּייטערבארג—איז פאָר דיר, וועלוול, קיינ פּייטערבארג. פאָיע אָנ דעמ פערד אינ וואָסער ברונעמ דו ווילסט, באָד אויס דעמ ברויט-געבער אינ אַלע טײַכנ, ס'איז אנ אָפענע וועלט, ס'איז פראנק אונ פרײַ אפ אַלע וועגנ.

לאַנגע יאָרנ האָט זיכ געצויגנ דער טרומ וועגנ פרײַע וועגנ אונ א היפּשנ טייל פונ זײַנ לעבנ האָט ער אָפּגעטאָפּקעט, דער וועלוול, אפ א קליינעמ פארוואָרפענעמ וועג, וואָס ציט זיכ פונ שטעטל כאַלאמייעווקע ביזנ שטעטל קאפאטקייעווקע. פונ צענדליקער פערד האָט ער די פעל אָפּגעשונדנ אונ אַלצ ניט פארלאָזנ דעמ טרומ— ס'וועט נאָכ קומענ, ברידערלעכ, א צײַט.

אונ ס'איז געקומענ די ריכטיקע צײַט אונ ס'האָבנ זיכ צעעפנט ברייטע פרײַע וועגנ. ס'האָבנ אופגעוואַכט באַלעגאָלישע פּלייצעס, עס האָט אימ אזש א הויב געטאָנ פונ די קאָזלעס. א נײַע בײַטש האָט ער זיכ אויסגעשניטנ אונ געקליבנ זיכ ארויס־פאָרנ אפנ ברייטנ טראקט.

אונ ניט באמערקט האָט ער, ווי עס זײַנענ דורכגעפלויגנ יאָרנ, אונ טויזנטער אזוינע ווי ער זײַנענ ארויסגעפאָרנ אפנ ברייטנ טראקט. אונ ער? ער זיצט נאָכ אַלצ אפ די קאָזלעס אונ טאָפּקעט נאָכ אַלצ אפ דעמ קליינעמ וועג, וואָס ציט זיכ פונ שטעטל כאַלאמייעווקע ביזנ שטעטל קאפאטקייעווקע.

אפנ ברייטנ טראקט איז נאָכ מיט 4 יאָר צוריק ארויסגעפאָרנ זײַנ ייִנגערער ברו־דער קושע, אָט דער זעלבער קושע דער רויטער, וואָס האָט געהאט די שטאָלצ אונ די האָזע דער ערשטער פונ שטעטל אָפּפאָרנ קיינ בירעבידזשאנ. קושע האָט נאָכ אימ דאַנ געזאָגט, קושע האָט נאָכ דאַנ מיט אימ געטײַנעט:—ביסט מיר, וועלוול, א לײַבלעכער ברודער, ביסט עלטער פונ מיר, נאָר גיינ ווײַטער אפ דײַנ וועג קאָנ איכ ניט.

— װעלװל—ט'ער אים געזאָגט—איך שענק דיר אװעק דעם טאַטנס שפּאַן, געדענק, אַז אַפן טאַטנס װעג װײַטער פאָרן טויג ניט. טו מיט דעם שפּאַן, װאָס דו װילסט, קענסט אים פון מײַנטװעגן פאַרברענען.

א האַרטער יונג אָט דער קושע דער רויטער, א שטיק אַקשן, צום ברייטן טראַקט האָט ער זיך אַזוי א ריס געטאָן מיט ביידע הענט, אַז קיינער האָט אים ניט געקאָנט פאַרהאַלטן.

אַפ אַװײַלע זײַנען זיך די װעגן פון די ברידער פאַנאַנדערגעגאַנגען. אַפן ברייטן טראַקט צװישן טויזנטער האָט זיך אויסגעמישט דער ברודער קושע און אַפן קליינװינקל פון שטעטל כאָלאָמייעװקע ביזן שטעטל קאַפּאַטקייעװקע טופּעט נאָך אַלץ דער ברודער װעלװל.

— און װען װעט זײַן דער לעצטער װעג? װען װעט שוין נעמען א סאָף?

אָט אין יעדער בריװ פרעגט זיך נאָך דער ברודער קושע—װען װעט זײַן דער לעצטער װעג?

אין יעדן בריװ גיט ער אים אָנצוהערן—שוין צײַט, ברודער מײַנער, אַרויספאָרן אַפן ברייטן טראַקט. פון יעדן בריװ אָטעמט מיט לײַבלעכן ברודער, ס'שמעקט מיט אייגן בלוט און פלייש און מיט ברייטן טראַקט, מיט אָפענער װעלט.

ס'דאַכט, אַז אין יעדן בריװ לויכטן די פּײַערלעך פון די פרײַע צעעפנטע טראַקטן און עס טוען אַמאָל א צי אָט די פּײַערלעך און אָט מיטן האַנט װילט זיך זיי אָנכאַפּן.

דאָס זײַנען די פּײַערלעך פון יענער נײַער היים, װאָס עס בויט זיך קושע דער רויטער, װעלװלס יינגערער ברודער. ס'איז שװער פון די פּײַערלעך זיך באַהאַלטן, זיי גייען אַנטקעגן, זיי בליאַסקען אין די אויגן, זיי רופן, זיי מאָנען—קום, העלף בויען—האָסט א פּאָר געזונטע הענט, װעלװל, האָסט דרײַ זין, קום, שטעל אונטער א פּלייצע.

אָט, װען ער פאַרמאַכט אַפילע די אויגן, שנײַדן אַלציינס יענע פּײַערלעך, העלע פּײַערן אַפן ברייטן טראַקט.

און ניט נאָר דער ברודער, נאָר אַלע פרעגן זיך בא אים נאָך.

— װען װעט שוין, רעב װעלװל, זײַן די לעצטע נעסיִע?

ער קוקט אָן יענעם װי א כאָסערדייעדיקן. מיט אַן אָנגעכמורעטן אויג באַטראַכט ער יענעם, װאָס פרעגט און זײַן קאָל טוט א ציטער.

— איך קלײַב זיך נאָך ניט שטאַרבן. איך האָב שוין געהאַט ניט איין לעצטן װעג, ניט איין לעצטע נעסיִע און לעבן געבליבן.

אָט װעגן איינעם א לעצטן װעג אין זײַן לעבן הערט ער גיט אויף נאָך הײַנט צו דערציילן און צו דערמאָנען און אין אַלע שטעטלעך אַרום קאָן מען אײַך דערציילן א לעבעדיקע מײַסע װעגן איינעם א לעצטן װעג פון װעלװל דעם באַלעגאָלע.

ס'איז געװען מיט אַסאַך יאָרן צוריק, עס האָט געטראָפן אינדערצײַט, װען אַף די װעגן האָט מען קיין פוס ניט געקאָנט אַרויסשטעקן, ס'האָבן געקישעט אַף די װעגן די הײַשעריקן-באַנדיטן. עס איז א מוירע אַרויסצוגיין אַפן שליאַך, מע שפּילט זיך מיטן לעבן. אָט שוין װאָכנװײַז שלאָפן באַלעגאָלעס ניט אויסגעטאָנענערהייט

אינ די שטאלנ, ס׳שלאָפט אונטער א כמארע די וועלט, נאָר איינ וועלוועלע שלאָפט זיכ ניט. דער פערד הריזשעט דעמ האַלצ פונעמ זשאָלעב, אָט שוינ 3 טעג, אז דער קוימענ פונ זײַנ שטיבל שיקט ניט צומ הימל קיינ רויכ.

וועלוועלע שלאָפט זיכ ניט, וועלוול שפאנט דעמ פערד.

— וועלוול—האָט מענ זיכ באַ אימ געבעטנ אינ שטעטל—איר שפּילט זיכ מיטנ לעבנ, נארישער ייִד. ארומ האראדישטשער וועלדל האָט מענ נעכטנ אוועקגעלייגט זאווּל דעמ רימערס 19־יאָריקנ באָכער. איר שפּילט זיכ מיטנ לעבנ, נארישער וועלוול.

וועלוול איז טויב צו די זאכנ. ער קאָנ נאָר אָנשפּײַענ אינ די הויפנס אונ זאָגנ:—איינמאָל שטארבט א מענטש, לאָזט מיכ...

ער האָט זיכ ארויסגעכאפּט אפנ אלטנ שאראַבאנטשיק, א נאָקעט געטאָנ צו זײַנ פּירפּיסלדיקנ ברויט־געבער אונ הויכ אויסגעשריִענ:—טשוכע, מײַנ כאָלעמ.

— א לעצטער וועג—האָט מענ נעוויִעס געזאָגט אינ שטעטל—ער זאָל כאָטש אָפּשפּילנ קעשורע, דער נארישער ייִד.—אונ די ווײַב האָט אימ שוינ באַצײַטנס באוויינט אונ באקלאָגט.

— א לעצטער וועג—האָט אימ אויכ א ציטער געטאָנ אינ הארצנ, ווענ ער איז ארויסגעפאָרנ פונ שטעטל אונ געוואָרפנ אנ אומרויִקנ אויג אפנ אומרויִקנ שליאכ.

פוסט איז געווענ אפנ וועג, כאָטש צעטרייסל זי, די פארשאָלטענע סטעזשקע, צעטראָג אירע זעמדלעכ אינ די הויפנס. מיט פארטײַעטער מאָרעשכוירע האָט געדרישט יעדער בוימ פארבײַ וועג, האָט געקלאָגט יעדער קוסט. ווו־ניט־ווו האָט א פויער מיט מוירע זיכ געבויגנ באמ אקער אונ ארומגעקוקט זיכ מיט ציטער אפ הינטנ—צי עמעצער גייט ניט פונ וואלד. אינ נאָענטע דערפלעכ האָבנ הענער אינמיטנ טאָג ווי אפ צעלאָכעס זיכ צעקרייעט אונ אָנגעטריבנ א סומ.

אונ נאָענט איז שוינ דאָס האראדישטשער וועלדל. אָנ זעט זיכ יענער בוימ, אונטער וועלכנ מע האָט אוועקגעלייגט דעמ רימערס מעזיניק. אליינ פונ זיכ האָט זיכ באַ אָט דעמ אָרט דאָס פערדל אָפּגעשטעלט אונ נידעריק געבויגנ דעמ נארישנ קאָפּ, ווי באמ וועלנ זיכ אָנטרינקענ. אונ באַ וועלוועלענ האָט אינ הארצנ א ציטער געטאָנ. צעאקערט איז געווענ דאָס אָרט, אפ וועלכנ עס האָט זיכ געראנגלט מיט די באנדיטנ דעמ רימערס זונ. בלוט מיט זאמד איז געווענ אינ הויפנס צונויפגעמישט אונ אפנ גראָז איז געווענ ווי אויסגעצייכנט די פיגור פונ א מענטשנ.

אונ גערירט האָט ער מיט אימפעט דאָס פערדל, נאָר באלד איז עמעצער דעמ וועג פארלאָפנ אונ דאָס פערדל האָט זיכ ספּאטיקעט. באַ וועלוול דעמ באלעגאָלע האָבנ פארקילט די בלוטנ. א ווײַסקײַט איז ארויסגעשלאָגנ אפ זײַנ פּאָנעמ, א טונקלקײַט—אינ די אויגנ.

עס איז פאר אימ אויסגעוואקסנ א מיטל־ווּקסיקער שווארצער נעפּעש אינ א לאנגנ פרענטש, א נעפּעש מיט ווענצלעכ, אונ מיט א פארדרייטנ קרויז איבער א בלינדנ אויגל. ווי א שטיק טויט האָט געשטעקט דער „אָברעז" אינ זײַנ האנט אונ באלד האָט זיכ דער כאָלאָל פונ דעמ אונטערגעזועגטנ ביקסל באגעגנט מיטנ אויג פונ באלעגאָלע.

— שטיי, זשידע!

— דער לעצטער ווענ — האָט אימ ווידער א פיק געטאָנ אינ קאָפּ אונ פונ צעטומלטקייט האָט ער, יוועלוול, ניט געוווסט וואָס צו זאָגנ. ער האָט נאָר א קרעכצ געטאָנ — קיינ געלט האָב איכ ניט.

פינצטער איז אימ געוועג אינ איינ אויג. דאָס צווייטע אויג האָט נאָר א קאָפּעטשקע געשײַנט אונ געזענ פאר זיכ א שטיק מאָרעשכוירע, א שאָטנ פונ א מענטשנ, וואָס באטאפּט זײַנ הארצ מיט א ברודיקער האנט.

· — פאראנ! — האָט דער באלעגאָלע ווי פונ א וויסטנ כאָלעם אויסגעשריִענ אונ ארויסגעצויגנ ווי פונ באלאכאָנ אנ אלטנ בײַטל מיט דראָבנע קופּערס.

ס'איז אימ אפ אווײַלע געוואָרנ ליכטיק דער פארשטעלטער אויג, ער האָט זיכ מיט מוירע ארומגעקוקט, ווו ער געפינט זיכ אפ דער וועלט. די האנט פונ באנדיט האָט דאָס בײַטל בא אימ ארויסגעריסנ אונ א שלאל קופּערנע מאטבייעס האָבנ זיכ א קײַקל געטאָנ בא די פיס. ער האָט זיכ, דער באנדיט, נאָר געקלײַבנ א וואָרפ טאָנ זיכ אפ די קופּערנע קײַקעלעכ, געקליבנ זיכ א זעצ טאָנ אפ דער ערד, נאָר פונ וואנענ פונ וואָס איז געפלויגנ א האסטיקער זעצ פונ א פויסט אינ זײַנ שלייפ, אונ א פלינקער ריס פונ דער ביקס, וואָס אינ זײַנ האנט. א צווייטער מער שטארקערער זעצ האָט אימ אוועקגעוואליעט פונ די פיס. ער האָט זיכ געסטארעט א הויב טאָנ, נאָר באלד האָט אימ דער אײַזנ פונ זײַנ אייגענער ביקס געשפּאָלטנ דעמ קאָפּ. אונ אויסגעצויגנ האָט ער זיכ ווי באמ וועלנ א גענעצ טאָנ אונ אָנגעכאפּט פולע הויפּנס מיט זאמד אונ פארכלינעט זיכ מיט אייגנ בלוט.

נאָכ א לעבעדיקנ, א קוימ־דישעדיקנ האָט אימ וועלוול אפּנ וואָגנ ארופגעוואליעט, צוגעדעקט אימ מיטנ אלטנ באלאכאָנ אונ אזוי מיט א פײַפּעניש ארײַנגעפירט דעמ באנדיט אינ שטעטל ארײַנ. דאָס גאנצע שטעטל איז דאנ אָנגעלאָפנ אָנקוקנ דעמ „העכט", קינד אונ קייט האָט דערקאָנט דעמ שליאכטיטשעס זינדל פונ כוטער „בערע־ביטי הארע", אָט נאָכנ פּרענטש אונ נאָכ די וואנצלעכ האָט מענ אימ דערקאָנט...

אפ דעמ זעלבנ ווענ איז ער, וועלוול, נאָכ הונדערטער מאָל געפאָרנ אונ אסאכ מאָל ניט פארגעסנ זיכ אָפּשטעלנ אפ יענעמ אָרט. מיט הויכנ גראָז איז פארוואָקסנ יענס אָרט, פארדעקט, אז קיינ זייכער איז ניט פארבליבנ. הויכ אונ ברייט האָט זיכ צעוואקסנ יענער בוימ, אונטער וועלכנ מע האָט אוועקגעלייגט אמאָל זאוול דעמ רימערס 19־יאָריקנ באָכער. אָט ווי אנ איידעס שטייט ער באמ ווענ מיט עטוואָס אראָפּגעלאָזענע צווײַגנ אונ גריסט זיכ מיט יעדנ דורכפאָרער, נויגט זיכ צו יעדנ דורכגייער. פונעמ נאָענטנ וואלד קומענ אהער צופליִענ פייגעלעכ צו גאסט, זיי שפּרינגענ איבער פונ צווײַג אפ צווײַג, צעצוויטשענ זיכ, לאָזנ איבער א פאָר פעדערנ אפ די בלעטלעכ אונ טראָגנ אוועק פרײדיקע בסורעס צומ ווײַטנ בלוי פונ הימל.

ער וועט די פייגעלעכ גאָרנישט נקמ דערציילנ, ער וועט זיי נאָר העלפנ צוויטשענ.

זאָל זיכ א קוקאווע אינמיטנ נאכט צעשרײַענ, ער וועט איר נאָר העלפנ מיט א קו־קו.

זאָלנ די ביימער שורשענ, דערציילנ, דערמאָנענ...

אונ קיינער וויס ניט, ווענ וועט זײַנ דער לעצטער ווענ פונ וועלוול דעמ באלע־

גאָלע. דערווײַלע איז ער געבליבן איין באַלעגאָלע אין שטעטל, איין־און־איינציקער אפן וועג. זינט מע האָט אויסגעבויט א האַלב־זאַוואָד און עס קורסירן די אווטאָבוסן, איז געוואָרן ווייניקער באַלעגאָלעס אין שטעטל און מע הערט ניט זייער האַליאַקען באַנאַכט פון באַן פאָרנדיק, און איינעם אליין איז אביסל אומעטיקלעך אפן וועג, אביסל סומנע און פאר יעדן פאסאזשיר מוז ער אויסריידן דאָס האַרץ, יעדן פאַסאַזשיר מוז ער דערציילן—איר פארשטייט, 35 יאָר, אז מע זיצט אפ קאָזלעס. דער טאַטע, דער זיידע „קאָרענאַסטע" באַלעגאָלעס געווען און איך...

וועגן זיך וועט ער איצט דאפקע גאָרנישט ניט דערציילן. אָט ער וועט שוין בעסער דערציילן גאָר א נײַע מײַסע—איך האָב א ברודער קושע, צוזאמען געטופעט אפ איין וועג, האָט זיך אים פארוואָלט דער גרויסער טראַקט.—וואָס שטעכט דיך דער האָבער—זאָג איך אים, און ער אַלץ מיט ביידע הענט צום גרויסן טראַקט.

ער קען איבערדערציילן נאָכאמאָל און נאָכאמאָל—איך האָב א ברודער קושע...

און פאר יעדן פאסאזשיר מוז ער אויסריידן זײַן האַרץ, און פאר יעדן פאַסאַזשיר באַרימט ער זיך און ווײַזט אָן מיטן בײַטש צו א ווײַטן עק הימל—דאָרט, אפן ברייטן טראַקט איז ווײַט פארפאָרן מײַן ברודער...

אפילע די אייגענע באַלעגאָלעס זײַנען פארפרעמדט געוואָרן פון אים און אָנשטאָט דעם אמאָליקן שאָלעם־אַלייכעם, אָנשטאָט יענעם הילכיקן פאטש אין פלייצע, אָנשטאָט יענער פוסטער קנאקעניש מיט די צינגער פרעגן זיי גאָר בא אים מיט אן אנדער קאָל, מיט אן אנדער וווּנק—וואָס טראכסטו, וועלוול?—זיצסט נאָך אַלץ אפן באַלאַגאָלסקן טראָן?

ער געפינט ניט קיין שפראַך מיט די געוועזענע אלטע באַלעגאָלעס, זיי האַליאָקען איצט ניט מיט יענער אלטער שפראַך.

ס'איז אוועקגעגאנגען יענע צײַט פון גלאט אזוי ליגן אפ די גאנקעס, באריידן די גאנצע וועלט און כאפן פליגן. עס איז אוועקגעגאנגען די צײַט פון שלאָגן זיך ביז בלוט פאר א פעטן פאסאזשיר, פאר א גלאַנציקן טשעמאָדאַנטשיק. צי האָט ער פארגעסן, ווי ער האָט אמאָל זײַן אייגענעם ברודער, אָט דעם קושען, אונטער־געשלאָגן אן אויג, ווען יענער האָט פון אונטער זײַן האַנט אמאָל ארויסגעכאפט א גאָר געהויבענע פאסאזשירקע, וואָס האָט געטראָגן א קאָטיקאָווע מאַנטל און א גלאַנציקן טשעמאָדאַנטשיק.

וועגן דעם וויל זיך איצט וועלוול ניט דערמאָנען. ער וועט איצט בעסער א פאָר שאָ אָפשטיין אין שטאל באם זשאָלעב און פארברענגען מיטן פערד, ער וועט אים גלעטן די פעל, ער וועט אים טורקען אין זײַט, אבי דער פערד זאָל דער־פילן אז ער, וועלוול, דישעט.

ניין, ער וועט אים איצט ניט איבערשרעקן, ער וועט אים איצט ניט זאָגן, אז עס האַלט, ווײַזט אויס, בא א געט. ניט הײַנט איז מאָרגן, אָבער צעשיידן זיך וועט אויסקומען.

— דו פארשטייסט, כאָלעם מײַנער, גלעט ער זײַן פעל אפ אראָפּ—ס'איז ניט שיין פאר דער וועלט, מע לאכט פון אונדז. וואָס וועט מען זאָגן. עס האָבן זיך געעפנט אזוינע ברייטע וועגן און מיר טאָפּקען און טופען אפ א שמאָלינק סטעזשקעלע.

— דו פאַרשטייסט—וועט ער אים אין פּערדישן אויער אַרײַנבלאָזן—ס'שטאַרבט אָפּ, כאָלעם מײַנער, אַן אַלטע ייִדישע פּאַרנאָסע. נו, רייד אַביסל, באַרדאַס, האַ?

דער פערד, דער באַרדאַס שעמט זיך אים קוקן אין די אויגן אַרײַן, ער פינטלט פאַרשעמט מיט די אויגן אַראָפּ, ער פילט עפּעס, נאָר ריידן קאָן ער ניט. ער פילט, אַז ניט הײַנט איז מאָרגן, וועט ער זיך מוזן צעשיידן מיט דעם, וואָס שטייט אַרום אים, גלעט זײַן פעל און רײַבט זײַן פּלייצע.

— ס'שטאַרבט אָפּ אַן אַלטע ייִדישע פּאַרנאָסע—קלינגט אים אין די אויערנ.

דערפאַר קײַט ער אַזוי גיך דעם פאַרבליבענעם היי פון זשאָלעב, און נערוועז אַזוי פּירקעט ער, פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס איבערגעלעבט. ער פילט ווי אַ האַנט רײַבט אים די פאַרפלאָנטערטע הריווע, ער פילט ווי פינגער ציילן אים די ביינער פון די ריפּן און ער דערשלינגט אַ פּלוצלינג אַראָפּגעפאַלענעם וואַרעמען טרער אָפּ זײַן נאָז.—ס'שטאַרבט אַן אַלטע ייִדישע פּאַרנאָסע.

און גאָר ניט לאַנג איז אַנשטילט געוואָרן דער לעצטער האַליאָקען פון דעם לעצטן באַלעגאָלע אין שטעטל. מיט אַ פאַרבליבענעם בײַטש־שטעקל, און אַ פאַרגאַרטלטער אין אַלטן באַלעכאָן האָט ער אַרומגעשפּאַנט, ווערלוול, איבערן שטעטל און אויסגעקוקט מיט אַזוינע פאַרלאָפענע אויגן אָפּ יעדן דורכפאָרער און אָפּ יעדן דורכגייער. גאַנצע טעג, אַז ער הערט זיך ניט אויף צו קלאָגן—איך בענק!

מע האָט ניט געוווּסט נאָך וועמען ער בענקט, צי נאָך דעם בּוּודער, וואָס איז שוין 4 יאָר אין בירעבידזשאַן, צי נאָך זײַנע באַלעגאָלעס, צי נאָך הערשל דעם שוואַרצן. אָט דער זעלבער הערשל, וואָס איז נאָך מיט אַ כוידעש צוריק אָפּגעפאָרן צו גאַסט צו זײַן זון דעם רויטאַרמייער, וואָס דינט אָפן ווײַטן מיזרעך און צוגעזאָגט האָט ער—אַז צוריקפאָרנדיק וועט ער אַראָפּשפּרינגען אין בירעבידזשאַן און וועט שוין ברענגען דעם עמעסן גרוס. אָט שוין אַ כוידעש צײַט, אַז ס'פילט זיך אין שטעטל, אַז עס פעלט אַ ייִד. אַ ייִד, וואָס הייסט הערשל און וועמען מען האָט פאַרצויגן—הערשעלע, דער שוואַרצער. אָט איצט אונטער די אויגן קען מען אים, דעם הערשלען, פּאָשעט אופהויבן אויף ביזן הימל. אָט איצט אונטער די אויגן קען מען זאָגן:

— הערשל איז אַ גאָלדענער ייִד.

— אַ וואָרטסמאַן.

— אַן אַמכאָ.

כאָטש אין די אויגן פלעגן אים אַלע זאָגן דעם עמעס:

— הערשל, מען טאָר אײַך ניט גלויבן פון דאַנען אַהין.

— הערשל, אײַערע מײַסעס קריכן שוין פון האַלדז.

— הערשל, איר פאָרט צונויף אַ בוידעם מיט אַ פּאָלעצע.

און אַלץ נעמט זיך דאָס פון דעם, וואָס אַלע פאַרנאַכט, גייענדיק פון דער אַרבעט, פלעגט זיך אָפּשטעלן הערשעלע דער שוואַרצער בּאַ וועלוולען אַרום גאַנעק, און אַזוי ביז שפּעט אײַנאָוונט ניט אופהערן דערציילן מײַסעס פון ניט געשטויגן און ניט געפלויגן.

און דערציילן פלעגט ער, דער הערשל, אַזוי לאַנג די מײַסעס פון ניט געשטויגן

אונ ניט געפלויגנ ביז אלע פלעגנ צעפאלנ ווי די פליגנ אונ צו דער, לעוואָנע פלעגט ער בלייַבנ ריידנ.

אונ ניט איינמאָל האָט מענ אַזוי דעמ גאנעק געפרעגט—הערשל וועט אמאָל אינ זייַנ לעבנ דערציילנ אנ עמעסע מייַסע?

— צי ס'וועט אמאָל קומענ א צייַט, אז מענ וועט גלויבנ הערשל דעמ שווארצנ?

אונ דורכגייענדיק איצט פארבייַ וועלוול דעמ באלעגאָלעס גאנעק, האָט מענ געקענט נאָכ שטארקער דערפילנ, אז ס'פעלט א ייִד אינ שטעטל, א ייִד, וואָס הייסט הערשל, אונ וואָס איז שוינ א כוידעש צייַט צו גאסט בא דעמ זונ אפנ ווייַטנ מיזרעכ.

אונ דאָס, וואָס ער האָט שוינ צוגעזאָגט, וועט קיינער ניט פארגעסנ. וועלוול וועט שוינ אלעווייַלע דערמאָנענ זייַנ הייליקנ נאָמענ.

— הערשל די ספריטנע פויגל האָט צוגעזאָגט אראָפּשפּרינגענ.

— ווי זאָגט איר, מע מאָג אימ גלויבנ?

א מענטש מוז דאָכ אמאָל ארויסזאָגנ דעמ עמעס.

אונטער די אויגנ מאָג מענ זאָגנ, אז הערשל איז א בראווער ייִד, א גרויסער וואָרטסמאנ. מענ קענ זיכ שווערנ, אז הערשל האָט קיינמאָל ניט דערציילט קיינ מייַסעס וועגנ א בוידעמ אונ א פאָלעצע, אונ אז וועלוול טומ זיכ א זאָג, שטייענדיק בא זיכ אפנ גאנעק: איכ בענק! מאָגט איר אימ גלויבנ, ער האָט נאָכ וועמענ צו בענקענ.

וועגנ וועלוולענ דעמ באלעגאָלע דערציילט מענ די לעצטע צייַט גאָר טשיקאווע מייַסעס, מענ זאָגט, אז ער כאפט זיכ אופ אינמיטנ נאכט, טופעט אוועק אינ שטאל אונ פארוואַרפט היי אינ א פוסטנ זשאָלעב, אונ נאָכדעמ ביזנ פארטאָג מאכט ער ניט צו מיט אנ אויג.

— די ווייַב—זאָגט מענ—דעקט אימ אָנ מיט אסאכ פעלצנ אונ ער שרייַט אלצ־מיר איז קאלט.

אינ שטעטל רעדט מענ זייער אסאכ וועגנ וועלוולס לעצטנ וועג, מענ דערציילט זיכ אָנ גאנצע געשיכטעס, מענ זאָגט, אז אינ זייַנ לעצטנ רייס האָט וועלוול גע־פירט גאָר א געהויבענעמ פאסאזשיר, א גאסט פונ בירעבידזשאנ. דער פאסאזשיר איז זאווול דעמ רימערס עלטערער זונ פונ שטעטל קאפאטקייעווקע (דער ברודער פונ יענעמ געהארגעטנ מעזיניק), ער איז געפאָרנ פארנעמענ מיט זיכ ווייַב אונ קינדער אינ בירעבידזשאנ אונ וועלוול האָט אימ מיט אקיונ געפירט מיט א לענגערער וועג, קעדיי מיט אימ זיכ וואָס מער אָנריידנ.

ארומ הארעדישטשער וועלדל—אזוי דערציילט מענ—איז ער מיט אימ אָפּגע־שטאנענ העכער א שאָ אונ באטראכט יענעמ בוימ, אונטער וועלכנ מענ האָט אמאָל געהארגעט דעמ ברודער זייַנעמ. וועלוול האָט דעמ פאסאזשיר באוויזנ דאָס אָרט, ווו ער האָט אמאָל א באנדיט געפאלמעסט.

— מיט מאָנעלעכ—זאָגט מענ—מיט מאָנעלעכ האָט אימ דער פאסאזשיר אָנגע־קאָרמעט, עמעסע בירעבידזשאנער מאָנעלעכ געגעבנ צו פארזוכנ.

א גאנצנ טאָג האָט ער ארומגעפירט דעמ יונגנמאנ מיט פארדרייטע וועגנ,

עס זאָל כאַפּן לענגער און אַלץ ניט אויפגעהערט צו פרעגן וועגן זײַן ברודער קושע.

וועלוול האָט זיך גאָרניט געריכט, אַז וועגן אים זאָל מען זיך די לעצטע צײַט אַזוי אָנריידן. מיט אים איז אומעטום פול. איינע מײַסע מיט וועלוולס א לעצטן וועג.

זאָלט איר זען, ווי ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן דרײַגראָשנדיקן כאָלעם—אַזוי דערציילט מען—קאָש, קאָש, האָט ער אים געזאָגט, און א ריס א האָר פון דער גריווע.

ער אים—קאָש, קאָש און דער פערד אפּצוריק פ'אַלט א וואָרט אויסריידן, א שטומע ליאַלע, כאָטש שפּײַ אים אָן אין מויל.

קאָש, קאָש... און מער גאָרנישט.

פאַראַן וואָס צו הערן, וואָס מען רעדט און מען דערציילט. וועלוול איז טויב צו די זאַכן, אים אַרט עס ווי די וואַנט—רעדט, רעדט, איך הער אײַך אין דער פּיאַטע.

דערווײַל זעט מען אים אַלע פאַרנאַכט בא זיך אויפן גאַנעק ווי ער שטייט אַזאַ גרויסער אין ברייטע שטיוול, ווי אויסגעקלעפּט פון ליים, ער איז נאָך אַלץ אָנגעטאָן און פאַרגאַרטלט אין זײַן אַלטן באַלאַכאָן, ער לאָזט ניט אַרויס די בײַטש פון האַנט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געקליבן אין א וועג אַרײַן. דער גאַנצער פאַרנאַכט לייגט זיך אויס ווי א פלאַמע אויף דער ווײַסקײַט פון זײַן באָרד. עס שפּיגלען זיך שטערן אין די וואַסערלעך פון זײַן אויג. ער קוקט אַזוי פאַרכאָלעמט אויף יענעם פּלאָנטער פון וואַלדישע צווײַגן, וואָס ראַנגלען זיך מיט דער זון אויפן מײַרעוו פון שטעטל, עס לעשט זיך דאָרט אויס די טאָגיקע ליכט, עס גייט פון דאָרטן דער אָוונט מיט אַטאַך פײַערלעך אין די הויפן.

און ווער סע גייט דורך פאַרבײַ דעם גאַנעק, מוז זיך אָפּשטעלן, און זיך צוזעצן אויף די טרעפּלעך, ווי לעבן א גאָסטיניצע. עס פעלט נאָר אויף די טרעפּלעך הערשעלע דער שוואַרצער, הערשל מיט די מײַסעס פון ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. זײַן אָרט איז פּוסט. זײַן אָרט קען קיינער ניט פאַרנעמען.

— זיך פאַרהאָסטעוועט מײַן הערשל—טוט וועלוול א זאָג מיט א בענקענדיקן קאָל און די בײַטש אין זײַן האַנט טוט א ציטער.

— וואָס הערט זיך, רעב וועלוול?—פרעגט מען בא אים—איר שטייט ווי אויף א שוועל, איר קלײַבט זיך ווי אין א נעסיִע?

— ניט הײַנט איז מאָרגן,—טוט וועלוול א זאָג אַזוי פאַרכאָלעמט, בויגנדיק דאָס בײַטש־שטעקל אין האַנט.

— א לעצטע נעסיִע?—פרעגט מען בא אים.

— ווײַזט אויס...—ענטפערט ער אויף מיט אַזאַ פאַרקלערעניש און אין זײַן אויג טוט עפּעס א העל.

ער פילט ניט ווי עס ברעכט זיך איבער דאָס בײַטש־שטעקל אין זײַן האַנט און בלײַבט ליגן צעצווייט בא זײַנע פיס, עמעצער טוט זיך א כאַפּ—נו אָט, אויס בײַטש־שטעקל.

וועלוול טוט זיך א בייזער מיט א שטאַרקן קאָל—אַבי איך לעב.

עס גיט פון אים א ווייע מיט א רויער באַהאַלטענער קראַפּס...

* * *

אינ א בריוו שרײַבט דער ברודער קושע צו דעמ ברודער װעלװלענ אָט אזוי:

— װענ איכ האָב דיכ ארומ זיכ — ליבער ברודער, װאָלט געװענ ניט געדערט, מענ דארפ דאָ אזוי האָבנ ייִדנ מיט הענט.

אונ נאָכ האָט ער אימ געשריבנ — װיִאזוי זיצסטו אײַנ אפ די קאָזלעס, דו ביסט שטארקער פונ אײַזנ, אז דו קענסט אײַנזיצנ אפ די קאָזלעס אינ אזא צײַט.

גאָר ניט קײנ סאכ האָט אימ געשריבנ דער ברודער, אונ דאפקע מיט דראָבנע װערטער.

אָט הערשל דער שװארצער קענ שױנ. אימ איצט איבערגעבנ הונדערט מאָל מער פאר צענדליקער בריװ, הערשל איז איצט די לעבעדיקע פאָטשט אינ שטעטל — א גוטמאָרגנ, הערשל איז געקומענ!

הערשל, זאָגט מענ, פלעגט אפ יעדער סטאנציע קויפנ א קײלעטשל אלס אָנדענק פונ זײַנ רײַזע.

— פונ בירעבידזשאנ האָט ער געבראכט א פאק מיט מאָנעלעכ.

— הײַנט װאָס נאָכ האָט ער געבראכט?

אינ שטעטל קאָנ מענ פונ א װאָרט מאכנ א קװאָרט. קײנער האָט די קײלעטשלעכ מיט די מאָנעלעכ ניט געזענ, נאָר מענ װיל טרעפנ — װאָס פאר א נײַס האָט געבראכט פונ דאָרטנ דער הערשל?

שױנ פונ דערפרי טראָגט זיכ ארומ א װײַבל מיט א קינד אפ די הענט אונ שטופט זיכ יעדערנ אינ פּאָנעמ ארײַנ װי באמ אָפּשפרעכנ אנ אײַנהאָרע אונ זי דערפרעגט זיכ אלצ — ער איז געקומענ, געקומענ? אנ עמעס? מענ לײַגט ניט, דער הערשעלע, פונ דאָרטנ...

זי פוילט זיכ ניט כאפנ א בליק צו הערשלענ אינ די שױבנ, פונקט װי עס װאָלט דאָרטנ פאָרגעקומענ א כאסענע — געקומענ! דער מעכוטנ!

דערװײַל איז צו דעמ הערשלענ שװער זיכ צו דערלאנגענ, װעלװל דער באַלעגאָלע האָט אימ שױנ ארײַנגענומענ אינ די הענט אונ לאָזט קײנעמ ניט צו. װער עס באװײַזט זיכ אפנ שװעל, לױפט ער אנטקעגנ אונ פארכאפט — לאָזט אָפּרוענ א מענטשנ, איר האָט צײַט, ער פאָרט ניט אָפּ קײנ אמעריקע. צענ טױזנט קילאָמעטער דורכגעפאָרנ.

װעלװל האָט שױנ פאר דעמ פרימאָרגנ אױסגעמאָסטנ דעמ װעג, װאָס הערשל איז דורכגעפאָרנ. אָט מיט א האנט־שפאנ אפנ טיש האָט ער אױסגעמאָסטנ, אונ מיט א נאָגל האָט ער אױסגעקריצט אונ ס'האָט זיכ באקומענ א גלײַכער װעג פונ אײנ עק טיש ביזנ צװײטנ.

— דער סאמע גלײַכסטער װעג, „נאפראמיק" קענ מענ שנײַדנ — טוט ער א זאָג װי צומ טיש אונ פארבײַסט א ליפּ — גרעסער פונ אלע מײַנע װעגנ, װאָס איכ האָב אָנגעשמיסנ פאר מײַנ לעבנ.

הערשל פאריכט אימ — דער סאמע גלײַכסטער װעג. א װעג צומ לעבנ.

אָט איצט העלפט אומ בא װעלװלענ אינ די אױגנ דער אמאָליקער טרױמ װעגנ אָפענע פרײַע װעגנ. ער טוט זיכ אזש א צאפּל.

— איכ זאָג דאָכ גרעסער... קײנ בעסערנ וועג ניט אויסגעקליבנ.

בא הערשלענ אינ די אויגנ שפיגלענ זיכ נאָכ אזוי לעבעדיק די פײַערלעכ פונ נאָר וואָס א דורכגעפאָרענעם גרויסנ וועג, אָט, דאכט זיכ, די שטויבנ פונ וועג רוענ אפ זײַנ פלײצע, זײַנ פּאָנעם זעט אויס פארשלאָפנ, ער איז אלצ דער זעלבער שווארצער, דער זעלבער הערשל. ער האָט געבראכט מיט זיכ זײַנע אלטע קלוגע אויגנ, וואָס קענענ דורכשטעכנ יענעמ אפ דורכ אונ דורכ, ער האָט געבראכט מיט זיכ די פארהויבענע אקסלענ אונ דעמ שטאָלצ פונ א פאָטער, ועמענס זונ היט דעמ גרענעצ פונ ווײַטנ מיזרעכ.

ער האָט געבראכט מיט זיכ א שטיק נײַס, א וועלט מײַסעס פונ א נײַער זוניקער ייִדישער געגנט. ער קענ איצט גאָרנישט ניט דערציילנ, ער וועט סײַוויסײַ גאָרנישט ניט ארויסזאָגנ. אָט פארנאכט ארומ וועלוולס גאנעק זאָל זיכ א שטעטל צונויפקלײַבנ. מענ דארפ ניט קלאפנ אונ פויקנ, קליינ אונ גרויס, אלט אונ יונג, ווײַב אונ קינד, ווער נאָר עס וויל קענ קומענ אונ הערנ אנ עמעסע מײַסע, וואָס עס קענ דערציילנ דעמ ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ הערשל דער שווארצער.

אָט אפ די טרעפלעכ פונ וועלוולס גאנעק וועט ער ארויסגעבנ אלצ וואָס ער פארמאָגט, די טרעפלעכ פונ דעמ גאנעק קענענ שוינ דעמ הערשלענ 50 יאָר. נאָכ באָכערווײַס פלעגט ער זיצנ מיט דעמ וועלוולענ אפ די טרעפלעכ אונ טרוימענ. ער פלעגט דאנ מיט ביידע פיס ארײַנקריכנ אינ א ווײַטער פאנטאזיע, מיט די הענט פלעגט ער מאָלנ אויסגעטראכטע לופט־שלעסער אונ זיכ פארכלינענ. וועלוול פלעגט דאנ אנדרעמלט ווערנ מיט אנ אָפענעמ מויל אונ הערשל פלעגט ניט אופהערנ צו מאָלנ—ס'וועט קומענ ברודערל א צײַט, ס'וועלנ זיכ עפענענ פאר אונדז די גרויסע טראקטנ, דו וועסט שמײַסנ אפ א גרויסנ אײַזערנעמ פערד, איכ וועל זיצנ אינ בויד א „פּאָטשאָטנער" פאסאזשיר אונ כ'וועל זינגענ, זינגענ—אָט אזוי. מענ וועט פרעגנ,—וווהינ פאָרט איר?

— מיר פאָרנ אפ א כאסענע, וועלנ מיר ענטפערנ—„גלאָוונע" מעכוטאָנים זײַנענ מיר, מענ פארבעט אונדז גלײַכ מיט אלעמענ צומ טיש.

— ווער זײַט איר?—ט'מענ בא אונדז פרעגנ.

— דאָס זײַנענ מיר,—וועלנ מיר ענטפערנ,—פּראָסטע ייִדנ אָנ בערד, אָנ ארבעקאנפעסנ, מיר פאָרנ אפ א כאסענע אינ א פרײַער מעדינע.

די טרעפלעכ פונ דעמ גאנעק געדענקענ נאָכ הײַנט יענע פאנטאזיעס, זיי קענענ דערציילנ נאָכ מערער, נאָכ ברייטער, נאָר לאָז זיי צורו.

ס'איז איצט אינ שטעטל האלבער טאָג, עס איז ניט צו טרעפנ קײנ רעדלעכ אינ די גאסנ, עס גענעצנ ניט בא די פלויטנ פארשמאכטע ליידיקגייערס. אונ לעמ די הוינקלעכ פונ די הײַזער קראצט זיכ קײנער ניט די פלײצע. ס'איז האלבער טאָג איבער דער גאנצער וועלט, ס'איז האלבער טאָג אינ שטעטל, עס דרייט זיכ נאָכ ארומ איבערנ שטעטל איינ אונ איינציקער ליידיקגייער אָט דער יאנקעלע דער קורנאָסער, דער שטיקעלע גאבע, ער טראָגט זיכ ארומ מיט אנ אָפענער שמעק־טאבאק־פושקע אינ האנט אונ מיט א הערבל אפ דער פלײצע אונ הערט זיכ ניט אופ צו קלאָגנ— סארא היצ ראכמאָנע ליצלאָנ, סע פארעט ווי אינ א מידבאָר, סע סמאליעט—אונ זײַנ צעפריִעטער פאָנעם ווערט צעווייקט ווי א קוואטש אינ דער באָרד.

— סי סמאליעט...

אינ שוסטער־ארטעל זייַנעג איצט אָפּנ אלע פענצטער אונ טירנ, עס הערט זיכ א רייַבערייַ פונ יוכטנ אינ שוסטערשע הענט, עס דערטראָגט זיכ דער הילכ פונ שוסטערישע העמערלעכ, עס גיסט זיכ פונ פענצטער א טשיקאווער ניגנ פונ באָרעכ דעמ געלנ שוסטער.

וועלוול דער באלעגאָלע האָט זיכ אינ די טעג ניט ווו צו אהינטאָנ. ער האָט איצט אנ ארבעט זיכ ארומטראָגנ מיט א פרישנ בריוו פונ זייַנ ברודער קושענ אונ אלעמענ באווייַזנ—אָט שווארצ אפ ווייַס שטייט געשריבנ—מיט דייַנע הענט ליבער ברודער.

אימ ארט ניט, וועלוולענ, פאר ווענמענ ער לייענט איצט דעמ בריוו. אָט אפילע א קינד, וואָס שפּילט זיכ אינ זעמדלעכ אינ א שאָטנ בא א שטוב, קענ ער איצט אָנכאפּנ פארנ קעלנערל אונ אוועקשטעלנ אפּ די פיסלעכ.

— איי דו, קירפּאטע צורקע, ערשטנ קלאס געענדיקט? א גראמאָטנע? קענסט בעסער פונ מיר. נא, לייענ—אָט מיט דייַנע הענט, ליבער ברודער.

נאָר מיט די קינדער איז איצט צו פארברענגענ. די גאנצע גאס איז איצט אינ די הענט פונ די קינדער. מיט וועלוול דעמ באלעגאָלע זייַנעג זיי א גאנצער כאווערלאפ, וועלוול דער באלעגאָלע אנ אלטער באקאנטער. אזויפיל געזונט זאָל אונדז צוקומענ, וויפל בייַטשלעכ ער האָט זיי אייַנגעטיילט אינ די הינטער־כיילעקס. קינדערשע קעפּ פארגעסנ גיכ. אָט איצט גייענ זיי אימ נאָכ א גאנצע כאליאסטרע מיט פארדעקטע פּופּיקעס, יעדערער סטארעט זיכ אימ ארייַנקוקנ אינ די אויגנ ארייַנ, יעדער פארלויפט דעמ וועג אונ דערפרעגט זיכ—דעמ כאָלעמ שוינ פארקויפט, רעב וועלוול? מענ פירט מיט אימ קלעצער פונ קאנאווע.

ער סטארעט זיכ א בייזער טאָנ אפּ די פארדעקטע פּופּיקעס, נאָר אנשטאָט דעמ בייזער באקומט זיכ בא אימ א אופריכטיקער ליבער שמייכל—אויס כאָלעמ, ליבע קינדער.

אָט ביז די ארטעלנע קוזניעס, אָט ביז דעמ נייַעמ האָלצ־זאוואָד וועלנ זיי אימ די קינדער באגלייטנ אונ נאָכדעמ וועלנ זיי אימ לאנג נאָכקוקנ אינ פּלייצע ארייַנ. ניט גלויבנדיק, אז דאָס איז ער, דער זעלבער וועלוול, וואָס פלעגט זיי אומזיסט ארומפירנ איבערנ שטעטל.

עס איז איצט די רעכטע צייַט פונ באָדנ זיכ. אָט גייענ שוינ די שמידנ צומ טייַכ צו, אנ ארמיי מיט פארסאזשעטע פענעמער ציִענ זיכ צומ טייַכ. פונ האָלצ־זאוואָד, באשפּריצטע מיט טירסע אונ אינ פארסמאָלעטע קאָסטיומענ, שפּאנענ צומ טייַכ צו וועלוולס דרייַ זינ: לייבע, כאצקל אונ סענדער. דאָס זייַנענ די דרייַ בעסטע שווימער פונ שטעטל. איינער איז העכער פונ דעמ צווייטנ.

ווענ זיי גייענ פונ באָדנ זיכ, שנייַדנ זיי זיכ אויס לאנגע לאָזע־שטעקלעכ אפּ טרייַבנ קאָמארעס אונ אז זיי באווייַזנ זיכ אינ גאס, טוט עמעצער א זאָג—וועלוולס „טרויקע" גייט, די „מאפּעלעכ" שפּאנענ.

פארנאכט איז אפּנ אויג יעדער שטעטלדיקער פּאָנעמ, יעדער פארשוינ. ס'האָבנ זיכ שוינ לאנג פארמאכט די פענצטער אונ די טירנ פונ שוסטער־ארטעל, ס'הענגענ די שלעסער אפּ די קאָאָפּעראטיווע קראָמענ אונ טויב, שטומ רוענ די קוזניעס הינ־

טערנ שטעטל, ווי אלטע שלעסער. מיט נאסע קאָפּטעס גייענ מיידלעכ פונ באָדנ זיכ אונ טראָגנ לאנגע פאנעס אינ די הענט, ווי אפ כיינענ זיכ. אונ יאנקעלע דער קור־נאָסער, דער שטיקעלע גאבע, הויבט אָנ באצײַטנס ארויסגיינ אפנ גזיעג אונ באַ־צײַטנס הויבט ער אָנ ווערבירנ—ווער איז א באלנ כאפנ א מײַרעוו?

צו וועלוולס גאנעק דערפירט אים די נאָז, ער דערשמעקט—העכער א מיניענ ייִדנ זײַנענ דאָ. מע קענ אינ איינ קלאפ מעכאדעש זײַנ די לעוואָנע אויכ.

ווי לעוואָנע, ווענ לעוואָנע.

ס'האָט זיכ ערשט אָנגעהויבנ פארלעשנ די זונענ־שרייפע אינ יענעם וואלדישנ פלאָנטער אפ מײַרעוו פונ שטעטל. אינ די רויכלעכ פונ קוימענס לעשנ זיכ אויס פארבליבענע שטיקלעכ טאָג. ס'איז איצט די צײַט, ווענ עס רוענ די הענט אינ די ארבל נאָכ א געזונטנ טאָג ארבעט, ס'איז איצט די צײַט, ווענ עס שוימענ אינ די דאָניעצעס די מילכ סיראָדוי. איצט קענ מענ דערפילנ ווי עס אָטעמט יעדעס גרעזל, ווי עס לעבט יעדער בוים. די ערד ווערט קילער אונ הארטער אונ מענ פילט איר נאָכ שטארקער אונטער די פיס. פונ ווײַטע עקנ וועלט קומענ איצט אָנ יענע גרינגע זומער־ווינטלעכ אונ פרישנ אָפ מיט א רייעכ פונ א פארגאנגענעם טאָג. ס'לויערנ איצט שטימענ אינ דעם ווײַטנ ארום אונ גיסנ זיכ צונויפ ווי דורכ טרויבנ. א נאכט־פויגל שרײַט אויס פונ טיפנ וואלד אפ א הויכנ קאָל—ס'פארגייט נאכט!

עס כאָלעמענ זיכ ניט אינ די ווײַלעס קיינ אויסגעטראכטע לענדער פונ האָניק אונ מילכ, אייגענע פארהאָרעוועטע ברויט איז איצט זיסער פונ טאָרט, די אייגענע ערד איז איצט נאָענט ווי די העמד אפנ לײַב.

אָט וועגנ אייגענעם פארהאָרעוועטנ ברויט, וועגנ אייגענער היימלעכער ערד האָט מענ איצט גערעדט אפנ גאנעק פונ וועלוול דעם באלעגאָלע. דער גאנצער אָוונט איז איצט אינ די הענט פונ הערשל דעמ שווארצנ. אָט שוינ 3 שאָ ווי עס הערנ ניט אופ צו ברענענ אינ זײַנע אויגנ יענע לעבעדיקע פײַערלעכ פונ א פרישער דורכגעפאָרענער וועג. אז דעם ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ האָט ער, הערשל, דערציילט ניט קיינ אויסגעטראכטע מײַסע, דעם ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ האָט מענ אים געגלויבט. ער האָט איצט ניט געדארפט זיכ שווערנ, קיינער האָט אים ניט גענויט ארופלייגנ א הארצ אפ א הארצ. ער האָט איצט דערציילט א מײַסע אזא, וואָס די אייגענע אויגנ האָבנ געזענ, די אייגענע אויערנ האָבנ געהערט אונ די אייגענע פיס האָבנ געטראָטנ.

א מײַסע וועגנ א נײַער זוניקער ייִדישער געגנט.

— אָט איצט איז דאָרטנ מיסטאָמע אויכ נאכט—האָט עמעצער פונ גאנעק אזא פלוצלינגדיקנ זאָג געטאָנ אונ א שטעל געטאָנ זיכ אינגאנצנ הויכ—ווער ווייס, ס'רעכט עפשער טאָג?

— אָט איצט, אזוי—האָט אָנגעהויבנ הערשל דער שווארצער מיט זײַנ שטענדיקער רויִקײַט אונ זיכערקײַט דערציילנ—אָט איצט, פונקט אינ אזא צײַט האָט אים קושע וועלוולס ברודער פארבעטנ מיט זיכ גיינ כאפנ פיש אינ דער בירע.

הערשל!—האָט ער אים א זאָג געטאָנ—דו ביסט בא מיר דער אָנגעלייגסטער גאסט אינ דער וועלט, זײַנ בא אונדז אונ ניט פארזוכנ אונדזערע פיש, וועט מענ פונ דיר לאכנ. פיש פונ אונדזער בירע.

— קלאָרע וואסערנ אינ דער בירע—אזוי האָט הערשל פאמעלעכ געצויגנ אונ ס'האָט געקלונגענ זײַנ קאָל, ווי אינ אנ עמעסער לעגענדע—קריכ!—שרײַט צו מיר קושע.

— קריכ, מײַנ טײַערער גאסט, טרינקענ טרינקט זיכ בא אונדז קיינער ניט.

נאָכ זײַנ קאָל האָט מענ געפילט, אז די וואסערנ פונ יענער טײַכ האָבנ אינדערעמעסנ געשווענקט זײַנ גופ, געקילט זײַנ לײַב. אָט דאכט זיכ נאָענט בא די פיס רינט ער, דער טײַכ, אָט הערט מענ ווי עס שעפטשענ פארטוידעטע די כוואליעס, דעמ עמעסנ לעבנ טראָגנ מיט זיכ די כוואליעס. אפ שיפלעכ אפ נײַע שנײַדט מיט וועסלעס א פאָלק, זיי האָבנ זיכ געלאָזנ ארופ, ארופ, ארופ. שעפטשענ די וואסערנ אונ עס שפריצנ מיט לעבנ די כוואליעס.

— טרינקענ טרינקט זיכ בא אונדז קיינער ניט...

פארשטעלט פונ אלע זײַטנ איז איצט הערשל דער שווארצער, א שטראל פונ לעוואָנע קענ זיכ איצט צו אימ ניט דערלאנגענ, נאָר א קאָל אונ אנ אָטעמ דערהויבט זיכ מיט שטאָלצ... קלאָרע וואסערנ פונ בירע, זויבערע כוואליעס פונ לעבנ...

אינ רויכלעכ פונ פאפיראָסנ פינקלענ אזוי לעבעדיק אופגעהעלטע אויגנ, העלדזער ציִענ זיכ אויס ווי אינ דאָרשט. אונ פונ די ארבל רײַסנ זיכ פאהאָרעוועטע הענט. וועלוול דער באלעגאָלע האלט איצט די אָרדענונג, וועלוול שטויסט אלעמענ פאנאנדער. נאָכ מיט גרעסערנ אימפעט, ווי ער, פלעגט ער אמאָל פאנאנדערשטויסנ באלעגאָלעס באמ כאפנ פאסאזשירנ בא א באנ. וועלוול וועט באלד ארופקריכנ אפ די קעפ.

— לאָזט, ניט פאטשט איבער אינמיטנ. לאָזט...

אפילע א הוסט טאָנ לאָזט ער ניט, ער מאכט גוואלדנ.

— ניט הוסט אינ פאָנעמ ארײַנ.

יאנקעלע דעמ קורנאָסנ שטויסט ער אָפ פונ דער זײַט—לאָזט מיט אײַער מײַרעוו, מיט אײַער מעכאדעש זײַנ די לעוואָנע, לאָזט מיטנ שמעק־טאבעק.

אָט שוינ א פאָר שאָ, אז דער שטיקעלע גאבע ניסט נאָכאנאנד אונ היט, אז די לעוואָנע זאָל ניט אנטלויפנ פונ הימל אונ טאמעוואטע אזוי דערפרעגט ער זיכ.

— הא, וועגנ יארדנ, וועגנ יארדנ רעדט מענ, אזוי?

קיינער וועט זיכ אימ ניט שטעלנ דערציילנ, אז מיט בלוט זײַנענ פונ לאנג אָנ פארפלייצט די וואסערנ פונ יארדנ, קיינער וועט אימ ניט דערציילנ, אז קאראוואנענ טויטע שיפלעכ טרײַבנ יענע כוואליעס—לאָזט מיט אײַער יארדנ... לאָזט מיטנ שמעק־טאבעק.

ס'איז שווער איצט צו זאָגנ, וויאזוי זעט ער אויס הערשל דער שווארצער. ער איז איצט, ווי דערטרונקענ צווישנ פעלדזנ. מע הערט נאָר ווי עס הויבט זיכ אלצ העכער זײַנ קאָל, אונ מע פילט ווי ער שנײַדט פאנאנדער מיט שטארקע הענט די פעלדזנ אונ שווימט ארויס, ווי אינ אנ אָפענעמ טײַכ.

דאָרטנ!—האָט ער א 'זאָג געטאָנ נאָכ העכער אונ דערהויבענער—דאָרטנ האָב איכ געפילט זיכ ווי בא זיכ אינדערהיימ, מע האָט מיר צעריסנ פונ אלע זײַטנ. די אזאריטשער פארבעטנ צו זיכ, די טימקאָוויטשער שלעפנ צו זיכ, די סאמאכוואלאָווקער אינ

איין קאָל—קומט צו אונדז! און די פעטריקער האָבן פארמאטערט מיט זייערע ווארעמסן. און קושע וועלוולס ברודער לאָזט קיינעם ניט צו—ער איז מײַנער.

אז וואָס ט'מען דערזען אפ מיר, כ'האָב קיין קויעך ניט...

ביז שפעט אין דערנאכט האָט זיך געוועבט א לעבעדיקע עמעסע דערציילונג פון א לעבעדיקן דערציילער. אָט איצט האָט מען אינדערעמעסן דערפילט, אז דעם ערשטן מאָל אין זײַן לעבן האָט ער, הערשל, דערציילט ניט קיין אויסגעטראכטע מײַסע. אלע גלויבן אים—אז די אייגענע אויגן האָבן געזען, די אייגענע אויערן האָבן געהערט און די אייגענע פיס האָבן געטראָטן. ארום און ארום האָט באלאגערט אים א גאנצע מאכנע מיט יידן. אָט ווי איין שטיק פעלדז האָט זיך די נאכט צונויפגעגאָסן, א שטיק רויע קראפט האָט זיך צונויפגעשמאָלצן און עטוואָס געוויגט זיך מיט שטאָלץ.

ס'האָט געהוליעט אין הימל א ריינע לעוואָנע און געבראָכן אירע שטראָלן אפן גלאָז פון פענצטער און אפ דערהויבענע פלייצעס האָט זי זיך צעגאָסן מיט פליאמעס.

באלויכטענע שײַבלעך האָבן ערשט אָנגעהויבן צומאכן די אויגן און אין הימל האָבן געעפנט זיך אלץ נײַע און נײַע בליקן. ס'וועלן ניט אנטשטילט ווערן ביז שפעט אין דער נאכט אופגייענדיקע שטימען פון יוגנט און יונגע פאָרלעך אפ היימלעכע בענקלעך פאנטאזירן איצט מיט הימל־שײַן אין די אויגן—מאָרגן וועט זײַן א שיי־נער טאָג.

און דער גאנעק פון וועלוול דעם באלעגאָלע איז נאָך באהויכט מיטן אָטעם פון א פארגאנגענעם אָוונט און עס דערטלײַען בא די טרעפלעך שטיקער פאפיראָסן.

— מאָרגן וועט זײַן א שיינער טאָג.

מען האָט שוין שפעטער אין שטעטל דערציילט, מען האָט שוין נאָכדעם גע־רעדט.—וועלוול האָט איין נאכט אָפגעשלאָפן אפן גאנעק אונטערן פרײַען הימל. ס'האָט זיך אים געכאָלעמט, ווי ער האָט געכאפט פיש מיט זײַן ברודער קושען. א בארג מיט פיש אָנגעכאפט.

* *
*

אין יענעם שטעטל בין איך ניט איינמאָל דורכגעפאָרן, אפ יענעם גאנעק בין איך ניט איינמאָל געזעסן.

— וועלוול דער באלעגאָלע—האָט מען מיר געזאָגט אין שטעטל—אָהאָ! אונדזער וועלוול, לאנג געמאכט שוין די לעצטע גרויסע נעסיִע.

— וועלוול—ט'מען מיר געזאָגט—איז פאָרט ארויסגעפאָרן אפן ברייטן טראקט. מיט ליבע רעדט מען וועגן דעם וועלוולען אין שטעטל, אָט וועגן דעם גרויסן וועלוולען מיט זײַנע דרײַ זין.

נאָר דער גאנעק, דער הויכער גאנעק פון זײַן שטוב דערמאָנט אמאָל, אז גאָר ניט לאנג האָט דאָ געלעבט אזא ייִד, וואָס האָט געהייסן וועלוול, א ייִד א באלעגאָ־לע, וואָס האָט אסאך יאָרן אָפגעטרוימט וועגן ברייטע צעעפנטע וועגן און זײַן טרוים איז פארווירקלעכט געוואָרן. און ער איז ארויסגעפאָרן אפ די ברייטע צעעפנטע טראקטן, אָט שוין א יאָר, אז ער לעבט אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

און סײַוויסיי שפּרייטן זיך די זומער־אָוונטן בא זײַן גאנעק, רויקע זומער־אָוונטן אין שטעטל. און נאָך הײַנט איז דער גאנעק באלעבט, נאָך הײַנט אפ די טרעפּלעך פֿון גאנעק קלײַבן זיך ייִדן און הערשל דער שווארצער הערט ניט אוף צו דערציילן א לעבעדיקע מײַסע, וואָס ער האָט מיט די אייגענע אויגן געזען, מיט די אייגענע אויערן געהערט, מיט די אייגענע פיס געטראָטן.

א מײַסע וועגן א ייִד וועלוול, וואָס איז אָפּגעפּאָרן מיט דרײַ זין העלפן בויען די נײַע זוניקע ייִדישע געגנט. א מײַסע וועגן א זון א רויטארמייער, וואָס היט די גרענעץ אפן ווײַטן מיזרעך.

---

ל. טאלאלײַ

# קינדהייט

1

## עס וואקסנ קאָרנ

װי קלײנ מיר זײַנען דאנ געװענ,
קוסטעלעכ אינ װילדנ װאלד פארזעצטע,
געװיטער האָט געברומט,
א סרײפע האָט געבלענדט,
א גוס־רעגנ, א מאבל האָט גענעצט אונדז.

עס גײט א זומער דורכ,
דער װינטער גײט פארבײַ,
די פלײצעס װערנ שטײַפּ
אונ שטעכיקע, װי קראָפּיװע, די אויגנ.
עס גרײט פאר אונדז די ערד
איר יאָנטעװדיקנ מײַ,
דער הימל גרײט פאר אונדז דעמ רעגנבויגנ.

עס גרײט פאר אונדז די ערד איר גרינ̇עמ שײַנ.
עס רופט דער װאלד אינ שאָטנ אונדז ארײַנ.
עס ציט אונדז אינ געהײמעניש פונ װאלד.
אָ, װיפל װוּנדער אינ געדיכטקײַט ער באהאלט!

* *

דער זײדע האָט אינאָװנט מיר דערציילט:
„עס איז פאראנ אינ װאלד א שװארצער הײל
א קלאפּטער צענ אונ עפּשער טיפער נאָכ
אונ זײַנע װענט פארדעקט מיט גרױענ מאָכ.
אונ װאָס אלצ טיפער, ענגער װערט ער אלצ
אונ שמאָל, װי בא דעמ װאלפיש איז דער האלדז.

דאָרט שלאנגען נעסטנ זיכ אינ זײַנע נאסע װענט
אונ װערים שפּילנ דאָרט מיט טויטנ בלענד.
אונ װער עס װעט ניט אומקומענ אינ װעג,
אונ װער עס װעט דערגײנ שוינ ביזנ דעק,
װעט יענער טרעפנ ערשט א דיקע טיר,
די װאָג אירע איז שװער גאָר אָנ א שיר...
עס איז איר װאָג—די װאָג פונ גאָרער ערד.

דער זײדע שװײַגט א װײַלע טיפ פארקלערט—
— אונ װער עס װעט די טיר צעפּראלנ ברײט—
ארײַנגײנ װעט אינ קעניגרײַכ פונ פרײד..."
— דעם זײדנס מײַסעס זײַנען טיפ פארשטעלט,
דער זײדע האָט שוינ אָפּגעלעבט זײַנ װעלט.
אונ עפּעס איז פאראנ אינ זײ א מינג;
אונ ס'װערט מיר שװער—איכ קענ עס ניט פארשטײנ.

2

## דער רונג

עס שװימט א קלײנער טײַכ פארבײַ מײַנ דאָרפ.
ער הײסט דער רונג.
אזא מינ גוטער נאָמענ.
כאפּנ פיש אינ רונג
אונ באָדנ זיכ אינ רונג,
אונ שפּיגלענ זיכ אינ רונג אינ גרינעם קאָנ מענ.

דער זײדע זאָגט: דאָ איז געװענ א יאם,
א בײזער װינט האָט זעגלעכ אומגעטריבנ,
נאָר ערגעצ װײַט האָט מענ דעם יאם פארצאמט,
איז דאָ א קלײנ טײַכעלע געבליבנ.

אונ איכ האָב ליב דעם שטילנ רונג אלצײנס,
אָט װי ער איז
איז ער מיר ליב געװעזנ.
װיפל מאָל געזעסנ דאָרט אלײנ
אונ װיפל מאָל געשפּרונגענ, װי א העזל.

— רונג דו רונג, דו גוטער זאװערעזשער טײַכ,
פארװאָס ביסטו א רײנער אונ א גרינער?
— דערפאר בינ איכ א רײנער אונ א גרינער,
װײַל איכ קומ פונ פעלדער די סינינער.

— רונג דו רונג, דו גוטער זאווערעזשער טײַך,
פֿארוואָס ביסטו געבעט מיט זאמד און גראווי?
— דערפֿאר בין איך געבעט מיט זאמד און גראווי,
ווײַל באגינען קומט זיך באָדן אין מײַן טיף
א יונגע מיידל, ווי א שיינע פּאווע.

3

## מילכאָמע

אונדזער היים איז ווײַט געווען פֿון שליאך,
א וואלד און נאָך א וואלד, א דערפֿל אָן א נאָמען,
ביזוואנען ס׳האָט א רײַטער אונדז געבראכט
א שארפֿן וואָרט, א בייז וואָרט מילכאָמע.

די ביקס אין האנט, סוכארעס דרײַ אין זאק —
זיי גייען איבער פֿעלד; עס בויגן זיך צו זיי די זאנגען—
דורך שטעגלעך שמאָלינקע צום גרויסן טראקט,
צום גרויסן טראקט, צום טויט אוועקגעגאנגען.

און מיר, מיר וואקסן ווילד. מיר שטייען צו, ווי קויט,
צו יעדער פֿור, וואָס פֿאָרט,
צו יעדער מענטש, וואָס גייט.
ווי יונגער ווידערוווקס, מיר וואקסן אלע
מיט הערצער לויטערע, ווי בלויע קוואלן.

מיר עסן בולבע אלע טאָג קימאט,
מיר לעבן אין הר־הא, פֿון לופֿט פֿון בלויען זאט.
ווי העולעך שפּרינגען מיר איבער די בערג און טאָלן,
מילכאָמע האלטן מיר און שליסן שאָלעם...

4

## אונדזער לערער

דער לערער קומט אין שול. ער קוקט אף אונדז פֿארטראכט.
א מענטש אזא אין ליכטנדיקע ברילן.
די ערשטע שאָ מיר זיצן, ווי באנומענע,
אזוינע שטילע.

דערנאָך ווערט פֿרײלעכער. דער לערער רעדט,
די גלעזלעך לײַכטן ווייך אונטער די ברעמען.
ער דערציילט פֿון לענדער און פֿון שטעט,
ער דערציילט אונדז פֿון דעם כאוולער לעניג.

לענין רופט: די פויערים—די ערד.
די פריצים אויס און אויס מיט דער מילכאָמע.
דעם לערערס אויגן זײַנען העל צעבליט,
דעם לערערס וואָרט איז שענער פון א ליד,
מיר,—ווילדער קליינוואַרג זײַנען גרייט
מיט אונדזער לערער אי אפ לעבן, אי אפ טויט.

5

## אָט א צאָרע

נאָר ווי מיר דארפן אָנהייבן
לערנען דעם „בוקוואר"
נעמט אין קלויסטער קלינגען
דער אלטער פאָנאָמאר.
אָט א צאָרע, אָט א צאָרע
מיט דעם אלטן פאָנאָמאר.

קלײַבן זיך אלמאָנעס
צו דעם קלויסטער־הויף,
קלײַבן זיך צוויי מאנצביל
אויך אהער צונויף,
קענען מיר ניט לייענען
מער שוין דעם „בוקוואר".
אָט א צאָרע, אָט א צאָרע
מיט דעם אלטן פאָנאָמאר.

קומען די אלמאָנעס
מיט קורנאָסע שניר,
אלטע באָהאָמאָלקעס
מאָליען לעבן טיר.
קענען מיר ניט לייענען
מער שוין דעם „בוקוואר".
אָט א צאָרע, אָט א צאָרע
מיט דעם אלטן פאָנאָמאר.

גייט ארויס דער גאלעך,
זע נאָר סארא פאן,
קושן אים די ווײַבלעך
זײַן פוכאָווע האנט.
קענען מיר ניט לייענען
מער שוין דעם „בוקוואר".
אָט א צאָרע, אָט א צאָרע
מיט דעם אלטן פאָנאָמאר.

אונ ווּ ס'איז דער גאלעכ
איז דאָרטנ דאנילע דער סטראזשניק.

דער סטראזשניק דאנילע אוּווא—אוּווא!
דער סטראזשניק דאנילע א סטראשנער אזא!
קינדערלעכ, היט זיכ
דאנילע גײט,
דאנילע גײט,
מיט די וואָנצעס פארדרײט,
מיט די וואָנצעס פארדרײט,
מיט דער הוט אָנ א זײט.
עס קלינגענ די שפּאָרנ,
מע הערט פונדערװײַט.

טעמפּ איז דאנילע אונ בײז ווי א הונט,
שטענדיק אים דוכט זיכ, נאָר אופשטאנד אונ בונט.
דער בונט האָט אזויפיל פארדרײט אים דעם קאָפּ
ביזוואנענ ער איז פונעם זינענ אראָפּ.

קינדערלעכ, היט זיכ—
דאנילע גײט,
דאנילע גײט
מיט די וואָנצנ פארדרײט,
מיט די וואָנצנ פארדרײט,
מיט דער הוט אָנ א זײַט.
עס קלינגענ די שפּאָרנ,
מע הערט פונדערווײַט.

נאָטע לוריע

# מייער וואָלקינדס פארברעכנ

נאָכ דער זיצונג, וואָס האָט זיכ פארצויגנ ביז שפעט אינ אָוונט איז מייער וואָלקינד דער לעצטער איינער אליינ ארויס פונעם אָנגערויכערטנ קאָלווירט־הויז, פארשפיליעט זיכ די קורטקע אונ געבליבנ שטיינ דערביי, אפנ טונקעלנ דרויסנ, ווי ער וואָלט נאָכ אלע ריידערייענ ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ.

איבערנ כוטער, איבער די מיט שטרוי־געדעקטע זעמליאנקעס, איבער די פאליסאדניקעס האָט געשאָטנ אַנ אָנהויב־ווינטערדיקער נאסער שניי. דער שניי איז זיכ צעגאנגענ פאלנדיק. ארומ אונ ארומ איז די איינציקע קרומלעכע גאס פונעמ כוטער געווענ פארנעפלט, אזש עס האָבנ זיכ קאמ ארויסגעזענ די דערבייאיקע הויפנ. פונעמ באטאָגיקנ רעגנ אונ פונעמ צעגאנגענעמ שניי איז געשטאנענ א טיפע בלאָטע.

— וואָס זשע וועט זיינ, — האָט וואָלקינד טיפער זיכ איינגענורעט אינ דער קורטקע אונ אלצ געטראכט, — וועגנ דעמ, וואָס ס'איז ערשט פאָרגעקומענ אפ דער זיצונג, — ווידער ארויספירנ... וואָס זאָל ער איצטער ארויספירנ... זיי ווילנ גיינ זוכנ. זאָלנ זיי זוכנ, וואָס ארט דאָס אימ...—נאָר איצט, שטייענדיק אונטער דעמ פאלנדיקנ נאסנ שניי אפנ טונקעלנ דרויסנ, האָט ער זיכ מיטאמאָל דערמאָנט אָנ די עטלעכע פורלעכ ווייצ, וואָס ער האָט נאָכ באמ דרעשנ געהייסנ יודלענ אָפשיטנ ערגעצ אָנ א זייט, אָנ דעמ, אז יודל האָט נאָכדעמ פארבאהאלטנ דאָס ברויט אינ א גרוב, אָט דאָ אינ דער קאָלווירטישער שטאל. ער איז געבליבנ אומרויִק—צעטראָגנ.

— זע, ער האָט גאָר דאָרטנ, אפ דער זיצונג, געהאט פארגעסנ אָנ דעמ... וואָס זשע טוט מענ... זיי וועלנ דאָכ זיכער גיינ זוכנ, אָט אנ אומגליק...

א צעטראָגענער איז ער אוועק מיט דער פארנעפלט־טונקעלער גאס, דורכגעשניטנ די טיפע שטייענדיקע בלאָטעס אונ פארנומענ זיכ ארופ כוטער, צו זיכ אהיימ. וואָס מער ער איז אָפּגעגאנגענ פונ קאָלווירט־הויפ, איז ער געוואָרנ אומרויִקער, געפילט, אז ער מוז זיכ איצט עפעס אנ אייצע געבנ מיטנ פארבאהאלטענעמ ווייצ, נאָר ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ. ארויפשיטנ אינ אמבאר האָט ער מוירע געהאט, אז מ'זאָל דאָס ניט הייסנ גלייכ ארויספירנ צומ עלעוואטער, איבערלאָזנ, פארבאהאלטנ איז איצט אומעגלעכ, מאלע וואָס, טאָמער געפינט מענ דאָס, דעמלט איז ביכלאל אנ אומגליק... כאָטש ער באהאלט עס ניט פאר זיכ.

דער נאסער, קלעפיקער שניי האָט געדיכט געשאָטנ, געטראָגנ זיך ארומ און ארומ פונ אלע זײַטנ, געפאלנ אפ דער קורטקע, אפ די הענט, אפנ פּאָנעמ, זיך צעגאנגענ און אָנגעטראָגנ מיט זיך א פײַכטקײַט, וואָס נעמט דורכ און דורכ די ביינער.

— אָט אנ אומגליק, וואָס זשע טוט מענ...—האָט ער מיט דער אָנגעבראקניעטער האנט זיך א וויש געטאָנ דעמ פײַכטלעכנ פּאָנעמ,—אז ער קענ זיך גאָר מיט קיינעמ וועגנ דעמ ניט מעיאשעוו זײַנ...

ער איז א פארטראָגענער, מיט די נאסע שטיוול ארײַנ צו זיך אינ דער פינצטע־רער זעמליאנקע, אָנגעצונדנ פײַער. אינעמ אָנגעוואלגערטנ צימער איז געווענ מאָדנע ניט היימלעכ. קאָנטיק, אז מ'האָט דאָ שוינ עטלעכע טעג געהאט ניט געהייצט, ס'האָט אָפּגעגעבנ מיט ניט אײַנגענעמער פײַכטקײַט. דער דיל איז געווענ ניט פאר־קערט, אפנ פאנאנדערגערוקטנ טיש זײַנענ געלעגנ אָנגעוואָרפנ פארשיידענע זאכנ, פארטריקנטע שטיקער ברויט, צונויפגעדרייטע שאָלעכצ פונ א געזײַערטנ קאווענ, אלטע צײַטונגענ. ער איז אזוי מיט די בלאָטיקע שטיוול ארײַנ, פונ קעלט נאָ־ענגער זיך אײַנגענורעט אינ דער פײַכטער קורטקע, אזש ס'האָט אימ דורכגענומענ א ציטער.

— וואָס טוט מענ, מ'האָט גאָר געדארפט אויסהייצנ,—האָט ער א זאָג געטאָנ צו זיך אליינ, נאָר זיך באלד דערמאָנט, אז הײַנט האָט ער ווידער ניט אראָפּגעפירט פאר זיך קיינ הייצונג, קיינ שטרוי, זיך פארדרייט מיט דער זיצונג און גאָר פארגעסנ אָנ דעמ,— אָט אנ אומגליק, זע, שוינ וויפל טעג, אז ער קלײַבט זיך אראָפּפירנ א הארבע שטרוי און קענ זיך אלצ ניט אויסקלײַבנ.

אזוי ווי ער איז געגאנגענ, האָט ער זיך צוגעזעצט צומ טיש, אָפּגעשארט די פארטריקנטע ברויט, ארויסגעדרייט שטארקער דעמ קנויט אינעמ לאָמפּ. נאָכדעמ האָט ער אינ בוזעמ־קעשענע אָפּגעזוכט א שטיקל פּאפּיר מיט א בלײַפעדער און אָנ־געהויבנ נאָכאמאָל פאר זיך אליינ באכעזשבענענ וואָס איז דאָס טאקע מיטנ ברויט, וווהינ איז ער אהינגעקומענ.

ער האָט זיך אָבער באלד ווידער דערמאָנט אָנעמ פארבאהאלטענעמ ווייצ, געוואָרנ נאָכ מער אומרויִקער.

— וואָס דארפ ער דאָס,—האָט ער זיך א הייב אופ געטאָנ פונ אָרט,—אָט אנ אומ־גליק, וואָס האָט אימ געטויגט די גאנצע געשיכטע מיטנ אויסבאהאלטנ. גאָר אזא מײַסע, פארגראָבנ ברויט... עס פעלט אימ נאָכ,— ער האָט זיך אָנגעהויבנ ארומ־דרייענ איבערנ אָנגעוואלגערטנ צימער, זיך קיינ אָרט ניט געפונענ, געפילט, אז ער דארפ איצט עפּעס טאָנ, איצט, באלד טאקע.

ער האָט אנ אופגערעגטער פארלאָשנ דעמ לאָמפּ, זיך בעסער אײַנגעוויקלט אינ דער קורטקע און ארויס אפנ פינצטערנ נאסנ דרויסנ.

פונעמ שניי איז שוינ קימאט גאָרנישט ניט געהאט געבליבנ. עס האָט ווידער אָנגעהויבנ, דאכט זיך, גאָר רעגענענ. די נאכט איז געווענ שווארצ, אז מע האָט גאָרניט געזענ ארומ זיך. ער איז אינ די שווערע שטיוול אָפּגעגאנגענ א פּאָר טריט צו דער גאס, זיך אויסגעגליטשט אראָפּ קאנאווע, שיר ניט אומגעפאלנ. נאָכדעמ איז ער אינדערפינצטער ארופגעקראָכנ אפ אנ אײַנגעוואלגערטנ פארקנ, זיך פארטשעפּעט אָנ אימ, עפּעס צעריסנ אפ זיך און אוועק ווײַטער. ער האָט ניט געזענ, ווי ער

גייט, נאָר ער האָט זיכ ניט אומגעקערט. אָנהאַלטנדיק זיכ בא די פּאָליסאַדניקעס, איז ער פּאַמעלעכ געגאַנגענ אַראָפּ כוטער, צו יודל פּיסקונס הויפ. ער איז איצט אינערלעכ געווענ אײנגאַנצנ אופגערעגט—צעבויטעט, וואָס ער וועט באַלד א סאָפּ מאַכנ צו דעמ, ער וועט אַריבערפירנ דעמ פאַרבאַהאַלטענעמ ברויט אינ דער קלוניע, אָדער עפּשער טאַקע בעסער אינעמ פאַרמאַכטנ צימער, וואָס הינטער דער קאַנצעליאַריע... איצט איז פונקט גוט, די נאַכט איז א פינצטערע, דער אוילעמ שלאָפט...

ער האָט אָנגעהויבנ גײנ גיכער, געזענ פאַר זיכ דעמ רײנעמ ווינטער-ווײצ אונ צעטראָגענערהײט שוינ אינ זיכ, געפּרוווט פּלאַנעווענ, וואָס ער וועט קענענ אופּטאָנ מיט די דאָזיקע עטלעכע פורלעכ ברויט.

ער איז באַלד ווידער אַרײַנגעקראָכנ אינ א קאַליוזשע, אז ער האָט שיר ניט אָנגענומענ, וואַסער אינ די שטיוול, אוועק פּאַמעלעכער, זיכ אַרומגעקוקט. ביז ער איז דערגאַנגענ פונ אײנ הויפ צו א צווײטנ האָט אימ אויסגעזענ, ווי א שטוב זאָל שטײנ אַפּ א וויאָרסט אײנע פונ דער אַנדערער. אומעטום איז געווענ פינצטער אונ שטיל, אַפילע א הונט האָט אינערגעצ ניט קײנ ביל געטאָנ, מער ניט, עס האָט זיכ געהערט, ווי דער רעגנ אויסגעמישט מיטנ שנײ האָט פויל געמאַראַקעט. ער האָט זיכ אַזוי קאַמ דערקליבנ צו יודל פּיסקונס הויפ, צו דער שטאַרק נידעריקער זעמליאַנקע, אָפּגעזוכט די טיר אונ פּאַמעלעכ, ווי ער זאָל מוירע האָבנ ניט אופוועקנ קײנ איבעריקע מענטשנ, אָנגעקלאַפּט.

ווי נאָר ס'האָט זיכ געהאַט געענדיקט די זיצונג האָט יודל פּיסקונ אומבאַמערקט זיכ געהאַט אַרויסגעדרײט פונ קאָלווירט-פאַרוואַלטונג אונ מיט די הינטער־הויפנ אוועקגעלאָפנ אַהײמ. די ידיִע, אז מע וועט קומענ זוכנ, צי ס'איז דאָ אַפּנ כוטער ניטאָ קײנ פאַרבאַהאַלטענע, פאַרגראָבענע ברויט, האָט אָנגעוואָרפנ א שרעק אַפּ אימ. ער איז א צעשרויפטער, א פאַרסאָפּעטער געקומענ צולויפנ אַהײמ, אַרומגעדרײט זיכ פונ אײנ צימער אינעמ צווײטנ, נאָכדעמ זיכ אַרויסגעכאַפּט אינ שטאַל, אַרופגעקראָכנ אַפּנ בוידעמ. אימ האָט זיכ אַלצ מער אָנגעהויבנ דוכטנ, אז דאָס, וואָס מ'האָט גערעדט דאָרט, אַפּ דער זיצונג, וועגנ פאַרבאַהאַלטענע ברויט, האָט מענ דאָס געמײנט אימ, אז עמעצער ווײס עפּעס זיכער, וואָס בא אימ טוט זיכ אינ שטוב, וואָסי, ער קענ זיכ איצטער אײַנהיטנ, אז דאָס אײגענע קינד קענ אומגליקלעכ מאַכנ.

— שאַ, ווו איז ער דאָס טאַקע,—האָט ער זיכ אַרומגעקוקט, געזוכט יאָסקענ.

יאָסקע האָט שוינ געהאַט געשלאָפנ.

יודל איז אַרויס אינ פירהויז, א קוק געטאָנ, צי ער האָט גוט פאַרשפּאַרט די טיר, נאָכדעמ האָט ער זיכ פאַרקליבנ אינעמ קלײנעמ צימערל, באַטראַכט די אַרומגעשמירטע ערד. די ערד איז געווענ צעטרעסקעט, דאָ אונ דאָרט האָבנ זיכ געזענ אַסאַכ היפּשע שפּאַלטנ. דאָס האָט אימ אָנגעהויבנ שרעקנ. ער האָט פונ דער שטאַל דורכ דער צווישנ־טיר אַרײַנגעבראַכט לײמ אונ וואַסער, געהײסנ דאָבענ באַלד נאָכאַמאָל אַרומשמירנ די ערד.

— וואָס עפּעס אינמיטנ דרינענ,—האָט דאָבע אימ אָנגעקוקט,—וואָס איז דיר באַפאַלנ... אז ס'זעט זיכ דאָ גאָרניט, וואָס האָסטו מוירע...

— אָט, זי האָט־שוינ געעפנט דעמ פּיסק,—האָט ער זיכ א שלײַדער געטאָנ,—שמיר, האָב איכ דיר געזאָגט אונ פאַרטיק... דו הערסט, וואָס כ'רייד צו דיר..

זי האָט דערקאָנט מיטאמאָל, אז ער איז שטארק צעטראָגן, ניט געוואָלט פארפירן מיט אים א קריג, זי האָט פויל אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קלייד, אין איין העמד זיך אויסגעצויגן אָפּ דער ערד, גענומען פאנאנדערפירן די ליים.

יודל האָט זיך צעטראָגן ארומגעדרייט איבערן צימער, ער האָט זיך אלע ווײַלע צוגעכאפּט צו יאָסקען, זיך אײַנגעהערט, ווי ער שלאָפט, בעסער צוגעדעקט אים, נאָכדעם ווידער געלאָזט זיך אינעם קליינעם צימער, ווו דאָבע האָט, בורטשענדיק און שילטנדיק עפּעס אין זיך, געשמירט די ערד.

— מ'וועט דארפן דאָ נאָך עפּעס אוועקשטעלן,— האָט ער זיך א צי געטאָן די פּארשניטענע וואָנצ,—שא, וואָס שטעלט מען דאָ נאָך אוועק, אז ס'זאָל זיך ניט ווארפן אין די אויגן, סײַדן יאָסקעס בעטל...

ער איז געשטאנען אין די נידעריקע שטיוולעך אפן שוועל, געקוקט, ווי דאָבע פירט פאנאנדער דעם רויטלעכן ליים איבער דער ערד און דערפילט זיך מיטאמאָל פעסטער, טאקעפער.

— נישקאָשע, ווי לאנג כאָליען זיי, ניט קיין ווייצ איז דאָס, ס'איז גאָלד... זאָל דורכגיין נאָך א פּאָר כאדאָשים, מ'וועט אָנהויבן פייגערן ווי די הינט... מע וועט נאָך פרעסן, ווי אין איינונצוואנציקסטן יאָר מאקוכע, קורײַ וועלן זיי נאָך פרעסן, דעמלט וועט ער וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן מיט דעם, חי לאנג כאָליען זיי, צי זיי וועלן דאָ עפּעס דערקאָנען, וואָסי שײַעך, ער איז נאָך דערווײַל אפ זײַן לעבן קיינמאָל ניט דורכגעפאלן...

— וואָס זשאלעוועסטו ליים,— האָט ער זיך מיטאמאָל א לאָז געטאָן צו איר,— ליינ גרעבער, וואָס זשאלעוועסטו, וואָס, ס'קאָסט דיר טײַער...

דאָבע האָט שוין געהאט ארומגעשמירט מער, ווי א העלפט, ערשט יודל האָט מיטאמאָל דערהערט טריט סאמע הינטער דער זעמליאנקע. ער איז געבליבן שטיין, ניט גערירט זיך פון אָרט, געמיינט עפּשער האָט זיך דאָס אים אויסגעוויזן, נאָר ער האָט גלײַך דערהערט, ווי מע קלאפּט אין טיר. די הענט האָבן בא אים א ציטער געטאָן, ער האָט זיך צעטומלט, פארלאָרן ארומגעקוקט, ניט געוווסט וואָס צו טאָן, נאָכדעם איז ער צוגעלאָפן צום לאָמפּ און פארלאָשן דעם קנויט, ער איז געבליבן שטיין אינדערפינצטער מיט א פארטײַעטן אָטעם, זיך אײַנגעהערט. אים האָט זיך איצט אָנגעהויבן אויסווײַזן, אז דער פענצטער איז, דאכט זיך, געווען ניט גוט פאר־האנגען און מע האָט געקענט אוואדע דאָרט, אפן דרויסן, עפּעס זען.

— ווער קען דאָס זײַן,— האָט ער מיט שרעק געטראכט, ער איז שוין געווען זיכער, אז דאָס איז מען געקומען זוכן, דער שעד האָט אים געטראָגן הייסן שמירן איצט די ערד, וואָס טוט מען... ער האָט אינדערפינצטער געכאפּט די זאמד און ניך, גיך אָנגעהויבן צעשיטן איבערן צימער.

הינטערן טיר האָט זיך ווידער דערטראָגן א קלאפּן. איצט האָט מען געקלאפּט שטארקער. יודל האָט געפילט, אז ס'ציטערט אים דאָס גאנצע לײַב, ער האָט ניט גע־ווּסט, וואָס צו טאָן, נאָכדעם מיטאמאָל האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר.

— ווער איז?—האָט ער פון אופגערעגטקײַט אזש א געשריי געטאָן.

— עפן אוף, ס'איז איך.

— ווער איך?..—האָט יודל זיך גענומען פארן לאָם.

— עפנ, עפנ, וואָס געדויערט דאָס בא דיר...

יודל האָט באלד דערקאָנט וואָלקינדס שטימ, אָפגעשטעלט אָנ א זײַט דעמ לאָמ אונ צעטומלטערהייט ארויס צו אימ אפנ דרויסנ.

— וואָסי, וואָס האָט געטראָפנ,—האָט ער אימ דערשראָקנ אָנגעקוקט.

— ס'האָט גאָרניט געטראָפנ... קומ... האָסט זיכ אָנגעטאָנ... גיי פארמאכ די טיר אונ קומ...

— ווהינ?—האָט יודל זיכ ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט מוירע געהאט, אז דאָ דערבײַ, שטייענ נאָכ מענטשנ.

— קומ, נו, וואָס מאכסטו א רייד...

יודל איז שווײַגנדיק אָפגעגאנגענ נאָכ אימ ביזנ טויער אונ מיטאמאָל געבליבנ שטיינ.

— וואָסי... ווהינ רופסטו מיכ אינ מיטנ דערנאכט?..

— דו האָסט געהערט, דאכט זיכ, וואָס מע האָט גערעדט אפ דער זיצונג,—האָט וואָלקינד זיכ צו אימ אײַנגעבויגנ, געסטארעט אײַנהאלטנ די אופגערעגטקײַט,—מע וועט גיינ זוכנ... מאָרגנ, איבערמאָרגנ וועט מענ זיכ נעמענ זוכנ, דו פארשטייסט...

— נו, איז וואָסי,—האָט יודל צעטומלט אימ אָנגעקוקט.

— מע וועט זוכנ אומעטומ, דו פארשטייסט... איכ וויל מער ניט האלטנ דעמ ברויט אינ דער שטאל... איכ וויל מער ניט ס'זאָל ליגנ פארבאהאלטנ, גענוג...

— א מאָשל,—האָט יודל אומצופרידנ זיכ א צי געטאָנ די וואָנצ,—וואָס האָסטו מוירע, עס ליגט אינ אזא אָרט, וואָס קיינער וועט...

— אז איכ וויל ניט,—האָט וואָלקינד ניט געלאָזט ריידנ,—אז כ'האָב דאָס לעכאט־כילע ניט בעדארפט... כ'האָב דאָס ניט פארבאהאלטנ פאר זיכ...

— איז וואָס ווילסטו פונ מיר?..

— קומ, מיר וועלנ דאָס שוינ אריבערשלעפנ אינ קלוניע ארײַנ.

— אינ וועלכער קלוניע... אינ קלוניע נעצט, ווי אפנ גאס...

— נו, וועלנ מיר דאָס אריבערשלעפנ אינ פארמאכטנ צימער, וואָס הינטער דער קאָנצעליאריע,—איז וואָלקינד געווענ אופגערעגט.

— וואָס הייסט, מע וועט דאָכ דאָס גלײַכ צונעמענ.

— זאָל מענ צונעמענ... זאָלנ זיי מיט דעמ טאָנ, וואָס זיי ווילנ,—האָט ער פארשטיקט גערעדט, ווי ער וואָלט זיכ ניט געקענט בארויִקנ.

— איז וואָס האָט אונדז געטויגט די גאנצע געשיכטע... אינ א פאָר וואָכנ ארומ, פונ נײַ־יאָר וועט מענ אוואדע אנולירנ די אלטע פלענער, אוואדע... וואָסי שײַעכ דעמלט, וואָלטנ מיר געקענט...—יודל האָט נאָכ גערעכנט עפשער אימ איבערריידנ.

— איכ וויל פונ גאָרניט וויסנ,—האָט וואָלקינד א טרייסל געטאָנ פונ זיכ דעמ גאַסנ שנײ,—איכ וויל דאָס מער ניט אונ פארטיק,—איכ בינ ניט מעכויעװ צו באַגיינ פארברעכנס... איכ בינ ניט קיינ באלעגופ, דו פארשטייסט... כ'בינ א מיטגליד פונ פארטיי... איכ האָב ניט וואָס אויסצובאהאלטנ קיינ ברויט, דו פארשטייסט, צי ניט... דו פארשטייסט, וואָס עס קומט פאר אזא זאכ...

יודל האָט זיכ נאָכ געאַמפּערט, נאָר וואָלקינד האָט אים ניט געלאָזט רײדנ. שפּעטער אווײַלע האָבנ זײ זיכ געלאָזט אַפּנ צווײטנ סאַמע עק כוטער, אינ קאָלווירט־חויפ. אַפריִער איז געגאַנגענ יודל פּיסקונ, גיכ, גיכ זיכ דורכגעקליבנ צווישנ די קאַליוזשעס, הינטער אים האָט זיכ עטוואָס שווערער באַוועגט מײער וואָלקינד.

דער שנײ אונ דער רעגנ האָט געמאַראַקעט אינ פּאָנעם אַרײַנ, נאָר וואָלקינד האָט ניט געפילט. ער האָט איצט מיטאַמאָל אָנגעהויבנ טראַכטנ, וואָס וועט ער טאָנ מאָרגנ, ווענ דער בהויט וועט שוינ ליגנ אינעם פאַרמאַכטנ צימער, וואָס הינטער דער קאַנצעליאַריע... עס פּאַסט נאָכ איצטער מ׳זאָל זיכ דערוויסנ, אַז דער ברויט איז געווענ פאַרגראָבנ, אָט אַנ אומגליק, אַז ס׳איז ניטאָ איז שלעכט אונ אַז ס׳וועט זיכ באַווײַזנ דאָס ברויט, זאָל ניט זײַנ נאָכ ערגער... יעדערער וועט דאָכ וועלנ וויסנ פונ וואַנענ ס׳האָט זיכ גענומענ... ער האָט איבערגעטראַכט פאַרשײדענע זאַכנ אונ באַשלאָסנ, אַז ער וועט גאָר פאָשעט מעלדנ, ער אַלײנ וועט מעלדנ אינ פּאַרטײקאָמיטעט, אַז ער האָט נאָכ באַמ דרעשנ אָפּגעשאָטנ עטלעכע פּודלעכ ברויט אינ דעמ זײַטיקנ צימער (פאַרשטײט זיכ, וועגנ דעמ, אַז דער ווײץ איז געווענ פאַרגראָבנ, וועט ער ניט דערציילנ), אונ איצט, אויב מע דאַרפ, קענ ער דאָס אַרויספירנ אונ עפשער וועט מענ אים נאָכ דערלויבנ לאָזנ פאַרנ קאָלווירט.

ער האָט ניט באַמערקט, ווי זײ זײַנענ אָנגעקומענ אינ קאָלווירט־הויפ.

סלאָבאָדיאַנ האָט אינ שטאַל געהיט די בהײמעס. וואָלקינד האָט אים אופגעוועקט, באַטראַכט די אויסגעוואַרעמטע שטאַל, די בהײמעס, וואָס זײַנענ געלעגנ האַרט אײנע נעבנ דער אַנדערער, זיכ פאַנאַנדערגעפרעגט, צי ס׳האָט דאָ גאָרנישט ניט געטראָפנ אונ אָפּגעשיקט אים אַהײמ.

ווענ סלאָבאָדיאַנ איז אַוועק, האָט אָנגעהויבנ באַ וואָלקינדנ שטאַרקער קלאַפּנ דאָס האַרצ. ער האָט פאַריכט דעמ קנויט אינ דעמ צעבראָכענעמ לאַמטערנ אונ פאַרשפּאַרט די טיר.

אינ דער נידעריקער שטאַל איז געווענ גוט וואַרעמ, אוש ס׳האָט זיכ געטראָגנ אַ פּאַרע אונ ס׳האָט שטאַרק אָפּגעגעבנ מיט בהײמישנ קיזיק אונ איבערגעפּרײעטער שטרוי.

— נו, לאָמיר זיכ נעמענ, — האָט וואָלקינד אופגערעגט זיכ אָפּגערופנ.

— וווּהינ וועלנ מיר דאָס שלעפּנ איצט, — האָט יודל אָנ כײשעק מיט דער פּוס געוועקט די בהײמעס, זײ זאָלנ זיכ אופשטעלנ, — פריִער הײסט מענ, נאָכדעמ...

— באַגראָבנ האָב איכ דיר ניט געהײסנ.

— וואָס זשע, האָסט מיר געהײסנ איכ זאָל דאָס אַראָפּפירנ אַפנ מיטנ הויפ...

— נו, מיר וועלנ זיכ שפּעטער אויסטײַנענ, — וואָלקינד האָט געהאָלפנ אַראָפּטרײַבנ די בהײמעס אָנ אַ זײַט פונ די סטוילעס, — בינ איכ שולדיק, גוט...

— אָט אַזוי רײד... איכ בינ ביכלאַל דאָ ניט פּריטשאָמ, האָסט מיר געהײסנ, איז וואָסי שײַעכ, האָב איכ געפירט, הײסט שלעפּנ צוריק, מײלע...

ער האָט אינעמ אָנגעוואַלגערטנ שטאַל־ווינקל אָפּגעזוכט דעמ לאָמ אונ פּאַמעלעכ גענומענ אופרײַסנ די ברעטער, וואָס זײַנענ געווענ אָנגעלאָפּנ אונ דורכגעווײקט פונ דעמ בהײמישנ קאַל. וואָלקינד איז דערבײַ געשטאַנענ אונ צוגעלויכטנ מיטנ לאַמטערנ. אויבנ איז דער דראָט געווענ נידעריק אויסגעבויגנ אונ ס׳האָט אים געסמאַ־

ליעט די האַנט, נאָר ער האָט ניט געפּילט. ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אומרויִקע אויגן פון די דורכגעװײקטע אומרײנע ברעטער, װאָס יודל האָט געהאַלטן אין אופדײַסן, ער האָט שוין געהאַט, יודל, אופגעריסן עטלעכע ברעטער, מיטאַמאָל האָט זיך אַהער דערטראָגן אַ בילערײַ פון אַ הונט. װאָלקינד האָט אַװעקגעשטעלט דעם לאַמטערן אַפ דער ערד, אַפ די צעטאָפּטשעטע שטרױ און געבליבן שטיל. אין אַ װײַלע אַרום איז ער אַרױס אַפן דרױסן, זיך אַרומגעקוקט, צי קײנער דרײט זיך דאָ דערבײַ ניט אַרום.

דער נאַסער, קלעפּיקער שנײ, אױסגעמישט מיטן רעגן, איז געפאַלן איבערן פינצטערן באַנאַכטיקן כוטער און פאַרנעפּלט אַרום און אַלץ מיטאַנאַנדער. קײנער האָט זיך דאָ דערבײַ ניט געזען, דער הונט האָט נאָך אַ פּאָר מאָל אַ ביל געטאָן אַרגעצ װײַט און אופגעהערט. װאָלקינד איז צוריק אַרײַן און פאַרשפּאַרט די טיר. זײ האָבן צוזאַמען אופגעריסן די לעצטע ברעטער, גענומען אַראָפּשאַרן די דורכגעװײקטע פאַלאָװע.

— װיִאַזױ װעלן מיר דאָס שלעפּן,—איז יודל אַ פאַרטאָפּעטער געבליבן שטײן.

— װאָס הײסט, װיִאַזױ... מיט זעקלעך, מירן אָנשיטן און אַריבערשלעפּן...

— אַ פײַנע אַרבעט, דאָ ליגט יענץ ביסל ברױט...

— װיפל מיר װעלן באַװײַזן, װעלן מיר הײַנט אַריבערשלעפּן,—האָט װאָלקינד זיך אָנגעבויגן מיט דעם לאַמטערן צו דער גרוב,—און די איבעריקע...—מיטאַמאָל האָט דער לאַמטערן אַ ציטער געטאָן בא אים אין דער האַנט, שיִר ניט אַרױסגעפאַלן.

אַנטקעגן דער שײַן, װאָס איז געפאַלן, האָט דער װײץ אױסגעזען געלבלעך נאַס און ס׳האָט אָפּגעגעבן פון אים מיט אַ היץ, מיט פאַרע. װאָלקינד האָט איבערגעלאָזט דעם לאַמטערן, אָנגעכאַפּט זשמעניעס מיט װײץ און איז אינגאַנצן בלײך געװאָרן.

דער װײץ איז געװען דורכגעװײקט מיט דעם בהײמישן קאָל, װאָס האָט, קאַנטיק, די גאַנצע צײַט אַראָפּגערונען דורך די ברעטער. ס׳האָט אָפּגעגעבן מיט פוילקײַט, מיט טוכלערײַ.

— װאָסי דאָס? — האָט ער קאַם אױסגערעדט, אָנקוקנדיק יודלען,— װאָסי דאָס?.. אָס אי דער ברױט!?..

ער האָט געכאַפּט די לאָפּעטע און גענומען גיך אָפּשאַרן, עפּשער איז דאָס נאָר פון אויבנופּ. ער האָט גיך און שװער געשאַרט, אַזש ס׳האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם. װען ער האָט שוין היפּש געהאַט אָפּגעגראָבן, האָט ער זיך אָנגעבויגן, אַ קוק געטאָן. אַ געדיכטער שװײס האָט אים אַרױסגעשלאָגן איבערן גאַנצן לײַב. דער װײץ איז געװען פאַרפּליעסניעט און דורכגעפוילט.

— װאָסי דאָס!?—האָט ער אופציטערנדיק אַ געשרײ געטאָן.

יודל האָט אַ פינטל געטאָן מיט דעם לינקן, עטװאָס קלענערן אויגל, זיך באַגעגנט מיט װאָלקינדן און אָפּגעטראָטן. ער האָט קימאַט, װי ניט דערקאָנט װאָלקינדן. דער גאַנצער פּאָנעם איז בא אים געװען בלײך און אױסגעקרימט, די אויגן זײַנען געװען אָנגעגאָסן מיט בלוט און שיִר ניט אַרױסגעשפּרונגען פון די אויגן־גריבלעך.

— װאָס האָסטו געטאָן!?—בא װאָלקינדן האָט זיך געטרײסלט די לאָפּעטע אין דער האַנט,—װאָס האָסטו געטאָן,—האָט ער אַלײן ניט װיסנדיק, װאָס ס׳קומט מיט

אים פאָר, געשריִען,—זע, וואָס אי געוואָרנ פונעמ ברויט..—האָט ער זיכ געלאָזט צו אים,—זע, וואָס דו האָסט צעמאכט...

— שרײַ ניט,—איז יודל אונטערגעשפרונגען,—איכ בינ ביכלאל דאָ ניט שײַעכ־שרײַ אפ זיכ... דו האָסט מיר געהייסנ...

— וואָס!?

— דו האָסט מיר געהייסנ, איכ ווייס פונ גאָרניט...

וואָלקינד איז געבליבנ שטיינ מיט דער לאָפּעטע, ווי א פארשטיינערטער. א געדיכטער שווייס האָט אים גערונענ איבערנ אויסגעבלייכטנ פּאָנעמ, די הענט האָבנ בא אים אונטערגעציטערט, אזש זיי האָבנ אונטערגעשפרונגענ. ער האָט אײַנגעשפּארט געקוקט אפ יודלענ מיט די פארלאָפּענע אויגנ, ווי ער וואָלט גרייט געווענ זיכ ווארפנ אפ אים, שלאָגנ אים, הארגענענ.

— וואָס קוקסטו אפ מיר,—האָט יודל זיכ א צופּ געטאָנ די וואָנצ,—ער שרײַט... מע וועט דערהערנ, וועט מענ זיכ באלד צונויפלויפנ אהער, וועסטו פארשפּאָרנ צו שרײַענ... וואָס בינ איכ... מ'הייסט, טו איכ... ווער זאָל זיכ דאָס ריכטנ אפ דעמ, ביי ווייס, אז ס'וועט גאָר דורכנעצנ...

— וואָס הייסט, ווער זאָל זיכ ריכטנ,—האָט וואָלקינד זיכ א כאפּ געטאָנ פארנ קאָפּ,—וואָס הייסט, מע נעמט אזא ברויט, וואָס הייסט... ס'איז דאָכ גאָלד, אי דאָס... דו ווייסט, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָנ...—ער האָט זיכ ווידער געלאָזט צו דער גרוב, גענומענ ווידער אָפּשארנ, נאָר דער ווייצ איז, קאָנטיק, געווענ דורכגעווייקט דורכ אונ דורכ.

יודל האָט צעטראָגנ ארומגעפּאדעט ארומ דער גרוב, געכאפּט אלע ווײַלע א ביסל פּײַכטנ פארפליעסניעטנ ווייצ אפ דער האנט אונ דערשראָקנ גערעדט צו זיכ אליינ.

— ווער זאָל זיכ דאָס ריכטנ... גיי ווייס... אזא אומגליק... עפּעס א קליינינקײַט אזויפיל ווייצ... איצט שרײַט ער, דו האָסט דאָכ מיר אליינ געהייסנ אראָפּפירנ, ווער האָט געהייסנ, אויב ניט דו...

— איכ בינ שולדיק, איכ,—האָט וואָלקינד אופגערעגט געשריִענ, ווי ער וואָלט וועלנ פארטומלענ יודלס ווערטער, ער האָט א פריטשמעליעטער זיכ אָנגעהויבנ ארומדרייענ איבער דער שטאל. די קורטקע, די שטיוול, די הענט זײַנענ בא אים ארומגעקלעפּט געווענ מיט דער טוכלער איבערגעפּרייעטער ווייצ. ארומ אונ ארומ האָט זיכ אלצ מער פאנאנדערגעטראָגנ א דומפּיקער געשטאנק, וואָס האָט געטראָגנ פונ דער פארפליעסניעטער, איבערגעפּרייעטער גרוב.

— וואָס זשע טוט מענ איצט,—איז ער געבליבנ שטיינ אנטקעגנ יודלענ א פארלאָרענער,—עפּשער אויסטריקענענ, הא?..

— וואָס וועסטו אויסטריקענענ,—האָט זיכ יודל ביטערלעכ פארקרימט,—אז ס'איז צעפוילט...

— וואָס הייסט, איז וואָס טוט מענ,—האָט ער אומרויִק פארלאָרנ אָנגעקוקט יודלענ, ווי ער וואָלט אליינ קיינ שומ אויסוועג ניט געזענ.

— וואָס פרעגסטו מיר,—איז יודל געוואָרנ נאָכ מער סטולעוואטע,—איכ ווייס... אוודע פעלט איצט מער ניט, אז מ'זאָל זיכ דערוויסנ וועגנ דעמ...

— וואָס זשע טוט מענ,— האָט ער א צעבראָכענער זיכ געפלאָנטערט הינ אונ צוריק,—אזא ברויט, אזויפיל ברויט מיט די אייגענע הענט...

יודל האָט זיכ א צופ געטאָנ די וואָנצ, ווי ער וואָלט עפּעס באטראכטנ, צוגעגאנגענ נאָכדעמ צו וואָלקינדנ.

— איינ אייצע איז, דאכט זיכ, פאראנ,— האָט ער זיכ איַינגעבויגנ. ער האָט א וויַילע צוגעוואַרט, ווי ער וואָלט דאָס נאָכאמאָל באטראכטנ,— אינ סטאוואָק...— האָט ער א וויַיז געטאָנ מיט דער האנט אפ דערטרינקענ.

— אינ סטאוואָק!?—האָט וואָלקינד מיטאמאָל אויסגעשריִענ, ווי מ'וואָלט אימ געגעבנ איבערנ פּאָנעמ,—ברויט אינ סטאוואָק!—עס האָט אימ געציטערט דער גאנצער קערפּער,—ברויט... ברויט דערטרינקענ,— האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ יודלענ, אימ אָנגעכאפּט פארנ קאָלנער, מיט אַלע קויכעס אימ א שלעפּ געטאָנ צו זיכ—ווער ביסטו!?—האָט ער אימ געשריִענ אינ פּאָנעמ אריַינ,—דו האָסט געהערט, וואָס דו האָסט געזאָגט... ברויט דערטרינקענ, אכ, דו...

— שריַי ניט,—האָט יודל אָפּגעטראָטנ אפ הינטער,—איכ אליינ טו גאָרניט... דו ביסט פאָרזיצער... פארקערט, אדערהבע, דו ווילסט ניט, קענסט דאָס אָפּפירנ צומ עלעוואטער,—האָט דער פּאָנעמ זיכ בא אימ אויסגעקרימט אינ א שמייכל,—פארנ עלעוואטער איז דאָס טאקע פּונקט...

וואָלקינד איז געבליבנ שטיינ אנטקעגנ אימ. ער האָט אימ ניט געהאט וואָס צו ענטפערנ. פאר אימ איז איצט ערשט אינגאנצנ קלאָר געוואָרנ, וואָס דאָ קומט פאָר.

— וואָסי שריַעכ,—האָט יודל אַלצ גערעדט,— שריַיענ איז איצט ניט די צייַט... עס פּאסט טאקע, אז מ'זאָל ערשט איצט געפינענ דעמ ברויט... וואָס בינ איכ... דו ביסט דאָכ פאָרזיצער... דו ביסט דאָכ נאָכ דערצו א מענטש א פּארטיינער... שיסנ איז דאָכ ווינציק פאר דעמ...

וואָלקינד האָט שווער געשוויגנ. ער האָט זיכ ווידער אָנגעהויבנ ארומדרייענ איבער דער שטאָל, ווי ער וואָלט נאָכ געזוכט עפּעס אנ אויסוועג. נאָר וואָס מער ער האָט זיכ ארומגעדרייט איז אימ קלאָרער געוואָרנ, אז קיינ אנדער אויסוועג איז שוינ איצט ניטאָ, פּונעמ ברויט מוז מענ פּאָטער ווערנ, איבערלאָזנ אזוי טאָר מענ אפילע אפ קיינ איינ טאָג ניט, וויִאזוי האָט ער דאָס לעכאטכילע אָפּגעטאָנ אזא זאכ, אזא זאכ...

שפּעטער אוויַל האָט יודל פּיסקונ איַינגעשפּאנט א וואָגנ אונ צוגעפאָרנ הארט צו דער שטאָל. זיי האָבנ אינ דער שטיל, שווער, באגיסנדיק זיכ מיט שוויס, אָנגעלייגט א פולע פור מיטנ דורכגעפוילטנ ווייצ אונ מיטנ פארנעפלטנ בלאָטיקנ וועג זיכ געלאָזט צומ סטאוואָק.

אפנ דרויסנ איז דער שניי, אויסגעמישט מיטנ רעגנ, אַלצ פויל געגאנגענ, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געטראכט אופהערנ. ארומ האָט מענ גאָרנישט ניט געזעענ. די פערד האָבנ קאָמ געשלעפּט דעמ וואָגנ, איַינהרוזניענדיק זיכ אינ דער בלאָטע. וואָלקינד איז נאָכגעגאנגענ פונ הינטנ, אונטערגעשטופּט דעמ וואָגנ. ער איז געווענ אינגאנצנ נאס אונ אויסגעשמירט, ס'האָט אימ געברענט דער קאָפּ.

ער האָט אַלע וויַילע אריַינגערוקט די האנט אינעמ וואָגנ, גענומענ א ביסל ווייצ, עפּשער איז דאָס ניט אזוי דורכגעפוילט. נאָכשלעפּנדיק זיכ אינ דער בלאָטע, האָט

ער זיך מיטאמאָל דערמאָנט, ווי זיי האָבן דעם ווייץ געזייט, געבאָראָנעוועט, ווי זיי האָבן נאָכדעם געדראָשן, וויאַזוי ער איז אָפּגעלעגן טאָג און נאכט אפן סטעפּ, ווי ער האָט אונטערגעקליבן יעדער זאנג, יעדער קערנדל, געסטארעט זיך וואָס ווינציקער ארויספירן, ער האָט געוואָלט, אז אין זײַן קאָלווירט זאָל זײַן וואָס מער. וואָס טו איך?!..—האָט ער זיך מיטאמאָל א כאפּ געטאָן, ער איז צוגעלאָפן צו די פערד און אָנגעכאפּט זיי פאר די צוימענ,—וואָס טו איך,—האָט ער פארשטיקט געשריִען,—איך וועל ניט לאָזן, איך וועל ניט לאָזן... פארקערעווע אפּ צוריק,— האָט ער געשריִען צו יודלען...

יודל איז געבליבן טויט. מער פעלט אים איצט ניט, אז מ'זאָל אומקערן דעם וואָגן צוריק. ער איז צעטומלט צוגעלאָפן צו וואָלקינדן, אָנגעהויבן ארויסרײַסן די צוימענ בא אים פון די הענט...

— מער פעלט דיר ניט... דער ברויט איז דאָך סײַווי געפּאטערט... פארפאלן,— האָט ער געסאָפּעט,—דו ווילסט, אז מ'זאָל דיר נאָך...— ער האָט ארויסגעריסן די צוימענ און א טרײַב געטאָן ווײַטער די פערד,—דו ווילסט, אז מ'זאָל דיר...— די פערד האָבן פארקערעוועט מיט דעם זײַטיקן וועג, וואָס פירט צווישן די גערטנער צום סטאוואָק.

וואָלקינד איז ווידער געבליבן פריטשמעליעט. ער איז פּאמעלעך נאָכגעגאנגען דעם וואָגן און וואָס מער ער האָט זיך דערנעענטערט צום סטאוואָק איז אים גע־וואָרן שרעקלעכער.

— וואָס טו איך... דאָס איז דאָך ברויט... וואָס טו איך, וואָס,—ער האָט זיך מיטאמאָל דערמאָנט אָן יענער נאכט, ווען יודל איז געקומען צו אים וועגן אראָפּפירן דאָס ברויט,—אז פארשאָלטן זאָל זי זײַן... כאָי וואָלט ער בעסער פריִער געהארגעט געוואָרן...

דער וואָגן האָט זיך אראָפּגעלאָזט אראָפּ בערגל צום סטאוואָק. דער פאנאנדערגע־גאָסענער סטאוואָק האָט עפּעס איצט אויסגעזען אנדערש, ווי שטענדיק. ער איז געווען מוטנע צעבויטעט און שטארק טונקל.

דער וואָגן האָט זיך אראָפּ בערגל גיך א יאָג געטאָן און מיט א כליופּערײַ ארײַנגעפּאָרן ביז איבער די רעדער אין סטאוואָק ארײַן. שיר ניט אומפאלנדיק, אינ־גאנצן אויסגעשמירט אין בלאָטע, איז וואָלקינד נאָכגעלאָפן, ווי ער וואָלט געוואָלט פארהאלטן דעם וואָגן, ער איז ארײַנגעלאָפן אינעם וואסער.

יודל האָט זיך ארופגעכאפּט אפן וואָגן, ארומגעקוקט זיך, צי קיינער איז דאָ דערבײַ ערגעץ ניטאָ.

— נו, קום,—האָט ער א רופ געטאָן וואָלקינדן,— מיר וועלן אופהויבן דעם קאסטן... קום, עמעצער פאָרט, דאכט זיך,— איז ער אווײַל געבליבן פארגליווערט. אראָפּ הולײַפאָליער בארג האָט זיך דערטראָגן א סקריפּען פון רעדער.

— מע פאָרט,—האָט יודל אינגאנצן אופגעציטערט,—גיכער, איצט איז שפּעט כאראָשע צו האָבן...

א צעבראָכענער איז וואָלקינד ארופגעקראָכן אפן וואָגן, און זיי האָבןביידע, קאָם, ארויסשלאָגנדיק זיך פון די קויכעס, אונטערגעהויבן דעם קאסטן. דער ווייץ האָט זיך אָנגעהויבן שיטן פונעם וואָגן איבער די רעדער אין וואסער ארײַן. דער

סטאוואָק האָט זיכ נאָכ מער צעבויטעט, געוואָרנ שווארצער. וואָלקינד האָט געקוקט, ווי ס'שיט זיכ דער ווייצ און ס'האָט אימ געציטערט פאר אופרעגונג אינ קעלט דאָס גאנצע לײַב.—צוליב דעם האָט מיכ געשיקט אהער די פארטיי,—האָט ער מיטאמאָל א טראכט געטאָנ און ס'איז אימ געוואָרנ שרעקלעכ,—צוליב דעם האָט מיכ געשיקט די פארטיי... ארומ האָרעוועט א לאנד און בויט זיכ, דאָס לאנד פאָדערט ברויט, ארומ און ארומ וואקסנ די קאָלווירטנ און ער... ס'איז אימ געוואָרנ שרעקלעכ פאר אלצ מיט אנאנדער, ווי ער וואָלט ערשט איצט דערזעענ, וואָס ער האָט דאָ די גאנצע צײַט אָפגעטאָנ, ער האָט א קוק געטאָנ אפ יודלענ און ס'איז אימ דורכגעגאנגענ א שוידער, אימ האָט זיכ פארוואָלט איצט לויפנ, שרײַענ, צונויפרופנ דעם גאנצנ כוטער, אלע קאָלווירטניקעס, די ווײַבער, די קינדער, אלע, וואָס האָבנ פונ פארטאָג ביז באנאכט געהאָרעוועט אפנ אָנגעגליטנ סטעפ, זאָלנ זיי זעענ, וואָס ער האָט דאָ אָפגעטאָנ, ער האָט זיכ מיט אלצ אָנוואקסנדיקער שרעק געלאָזט פונעם וואסער, ס'האָט אימ גערוישט אינ די אויערנ, ווי ארומ און ארומ וואָלט מענ געשריִענ און ס'האָט אימ אויסגעזונ, ווי ער וואָלט זיי אלעמענ אייניינעם מיטנ וואָגנ דערטרינקענ איצט דאָ אינעם סטאוואָק...

---

באנע לעווינ

# מארקאָ

(אויסצוג)

דער אָוונט־טוי איז שוינ געפאלנ שטיל,
צעלויפנ זיכ אינ יאמ די ערשטע שטערנ,
שפילט דער יאמ אינ כאפערלעכ מיט זיי,
אפ די בערג א נעפל גייט פונ שניי
אונ לעבנ בערג אינ ווײַנטרויבנ פארהילט,
א מיידל זינגט, אונ אפ א דודע שפילט,
די קלאנגענ דויערנ אונ ווײַט זיכ הערנ:
„אײַ דו־דו, אײַ דו־דו,
יעדער גוטער העלפט מיר צו,
פונ יונגנ מארקאָ שפילט מײַנ ליד,
אונ ווער עס הערט, דער העלפט מיר מיט
אײַ דו־דו, אײַ דו־דו!“

— — — — — — — — — — —

(די ליד).
„דער אָדלער איז גרויס,
דער אָדלער איז שטארק,
בויט ער זיכ אויסעט
זײַנ נעסט אפ א בארג.
אײַ דו-דו!

אפ א בארג, אפ א שפיצ
צו די וואָלקנס געפרעסט,
נאָר א ווינט אונ א בליצ
צו אימ קומענ צו געסט.
אײַ דו־דו.

ער קוקט פונ זײַנ נעסט
אונ נאָר רויבנ ער זוכט.

זײַן נעסט איז געמאַסטן
מיט בײנער און פוך,
שפּעלעך קעפּט ער
און הינדעלעך פּליקט,
ציגעלעך שלעפּט ער
און ברענגט ניט צוריק.
אײַ דר־דור־דו.

און צופוס בא דעם בארג
אין מײַן שטילן קאָלווירט
שפּעלעך פּעטע
האָט מאַרקאַ געפירט.
אײַ דר־דו!

ווינטער איז מאַרקאַ
דער ערשטער אין שול,
זומער איז מאַרקאַ
אומעטום פול,
ווו גראָז און ווו שטײן,
אלץ ווײסט ער און טרעפט,
אפּ שפּעלעך־שאָפּ,
ווערט דער מאַרקאַ א שעפּ.
אײַ דר־דור־דו.

זײַן היטלע—זײַד
אפּן שפּיץ פונעם קאָפּ,
א האלדזטוך א פײַער
פון האלדז הענגט אראָפּ,
אין האנט זײַנס א שטעקן,
א דודקע אין מויל,
טרוסיקעס בלויע,
דאָס איבעריקס הויל.
אײַ דר־דו.

גײט ער און שפּילט ער:
אײַ דר־דו,
אײַ דר־דו״.

— איר—שפּעלעך שאָפּ,
— צו מיר רוקט זיך צו.
און שפּעלעך פּאָלגן
און קומען צו אים.

א גאָלדענער וואָלקנ
אפ שעפעלעכ שווימט.
לאסטעט זיי מארקאָ
אונ קעמט זיי אונ גלעט:
— וואקסט בא מיר שטארקער
אונ וווּקסיק אונ פעט,
מיט פעלכלעכ—א ווּנדער,
נאָכ גלאטער פונ זײַד,
ס'זאָלווארעמ זײַנ קינדער
אינ פראָסטיקער צײַט,
פונ הענטשקעס אונ זאָקנ
אונ טולופלעכ עכט.
ס'זאָל קיינער ניט זאָגנ,
איכ פאשע אײַכ שלעכט.
אָט, האָט איר א פעלד,
אָט האָט איר א טײַכ,
נאָר עפשער איז טרוקנ
די גראָז דאָ פאר אײַכ?
עפשער דאָס וואסער
צו קאלט אונ ניט זיס,
עפשער שוינ מידע
די קליינינקע פיס?
— שפילט אזוי מארקאָ
אונ שעפסעלעכ האלדזט
אונ קאָרמעט מיט ברויט זיי,
מיט ברויט אונ מיט זאלצ,
אלעמענ גלעט ער
אונ פויעט באנײַס,
נאָר מערער פונ אלע
א שעפעלע ווײַס.
ווי אנ אייעלע ווײַס,
ווי א שנייעלע גרינג,
ווי א גרעזעלע דינ,
ווי א ווינטעלע פלינק.
אונ מארקאָ דערזעט ניט,
אונ ס'פילנ ניט שאָפ,
אז אָט דאָרט פונעמ בארג,
פונעמ שפיצ, פונעמ סאָפ,
דער אָדלער, דער פויגל,
נאָכ שעפעלעכ שפּירט,

ער ברענט מיט די אויגן
די שאָפּ פון קאַלווירט,
דעם בארג מיט די נעגל
ער האלט אין איין גראָבן,
פארמאכט און צעעפנט
דעם שטאָלענעם שנאָבל.
שווארץ איז זײַן צונג
זײַן גאָרגל איז רויט,
אָט גיט ער א שפרונג,
די פליגלען צעשפרייט.
א שאָטן א שווארצער
די ערד גיט א קריץ,
דער אָדלער די נעגל
צעשטעלט און פארשפיצט,
די פליגלען לייגט אוף
און א וואָרפט זיך אראָפּ,
אין א ווײַסינקן קאָפּ,
מיט די נעגל א גראָב
אינעם דינינקן קארק,
און ווידער שוין הויך
און פליט צו זײַן בארג.
פארטיק, און אויס,
אדורך איז א קעלט,
און נאָר אין דער סטאדע
א שעפעלע פעלט,
ווי אן אייעלע ווײַס,
ווי א שנייעלע גרינג,
ווי א גרעזעלע דין,
ווי א ווינטעלע פלינק.

נעמט מארקאָ זײַן פײַפל,
צעשלאָגט אָן א שטיין,
זײַן האלדזטוך באהאלט
מיט א שטילן געוויין:
— האלדזטוך, דו מײַנער,
איך וועל דיר ניט טראָגן,
ביזוואנען דעם רויבער
איך וועל ניט דערשלאָגן.
אָדלער, דו אָדלער,
איך וועל דיר באווײַזן,

ווי שפּעלעכ רײַסנ,
ווי קלײנינקע בײַסנ.
אײַ דו!

מײַנ האנט צו מײַנ שטערנ
כ'לײג צו אונ איכ שווער,
דו ווּעסט צו קײנ סטאדע
ניט צוקומענ מער.
דו!
דו מיִעסער פויגל,
דו מיִעסער רויבער,
ווּעסט ווערנ א בלינדער,
ווּעסט ווערנ א טויבער,
ווּעסט פליִענ ניט ווּעלנ,
ווּעסט פליִענ ניט קאָנענ,
ווּעסט מיכ געדענקענ,
ווּעסט מיכ דערמאָנענ.
דו!
— — — — — —

# רעוויזאָר

(פאָרזעצונג *)

## דריטער אקט

דער צימער, ווי אינ ערשטנ אקט.

### אופטריט 1.

א נ א  א נ ד ר י י ע װ נ א, מ א ר י א  א נ ט אָ נ אָ װ נ א

(שטייענ באַם פענצטער אינ די זעלביקע פּאָזעס, וואָס פריִער).

מ א ר י א  א נ ד ר י י ע װ נ א: שוינ אוועק א שאָ אוואדע ווי מע ווארט, אונ דאָס שטייט נאָכ אלץ אונ קרימט זיכ, אונ פּוצט זיכ: שוינ אינגאנצנ אָנגעטאָנ, ניינ! דארפ מענ זיכ נאָכ פאָרענ... אז מע דארפ זי ביכלאָל ניט הערנ! אכ, סארא הארצ־ווייטעק! ווי אומיסטנ, זעט מענ ניט קיינ לעבעדיקנ נעפעש, פונקט אלע וואָלטנ אויסגעשטאָרבנ.

מ א ר י א  א נ ט אָ נ אָ װ נ א: אז איכ זאָג דאָכ אײַכ, מאמעניו, אינ א פּאָר מינוט ארום וועלנ מיר אלץ דערגיינ. באלד דארפ שוינ אוודאָטיע קומענ. (קוקט זיכ אײַנ אינ פענצטער אונ שרײַט אויס.) אײַ, מאמעניו, מאמעניו! עמעצער גייט, אָנ, אינ עק גאס.

א נ א  א נ ד ר י י ע װ נ א: ווו גייט? בא דיר זײַנענ אייביק עפּעס פאנטאזיעס. נו, יע, מע גייט. ווער קענ עס גיינ? א נידעריקער... אינ א פראק... ווער קענ עס זײַנ, א? ס׳איז מיר פּאָשעט א הארצווייטעק! ווער קאָנ עס זײַנ אזוינער?

מ א ר י א  א נ ט אָ נ אָ װ נ א: דאָס איז דאָבטשינסקי, מאמעניו!

א נ א  א ד ר י י ע װ נ א: וואָס פארא דאָבטשינסקי? דיר וועט זיכ דאָכ אלעמאָל עפּעס אויסדוכטנ... ס׳איז גאָרניט דאָבטשינסקי. (פּאָכעט מיטנ טיכל.) איי, איר, קומט אהער, גיכער!

מ א ר י א  א נ ט אָ נ אָ װ נ א: אפ מײַנ וואָרט, מאמעניו, ס׳איז דאָבטשינסקי...

א נ א  א נ ד ר י י ע װ נ א: זי וועט דאָכ דיר שטענדיק מיט אקיווג, אבי נאָר צו צעקריגנ זיכ. מע זאָגט דאָכ דיר, אז ס׳איז ניט דאָבטשינסקי.

מ א ר י א  א נ ט אָ נ אָ װ נ א: נו, וואָס? מאמעניו, נו וואָס? איר זעט, אז ס׳איז דאָבטשינסקי.

*) זע „שטערנ“ נומ. 2.

מאַריאַ אַנדרייעװנאַ: נו, יאָ, דאָבטשינסקי. איצטער זע איך,—טאָ װאָס זשע שפּאַרסטו זיך? (שרײַט דורכן פֿענצטער.) גיכער, גיכער! איר גײט פּאַװאָליע. נו, װאָס, װוּ זײַנען זײ? אַ? איר קענט רײדן פֿון דאָרטן, אַלצײנס. װאָס, זײער אַ שטרענגער? אַ? און דער מאַן, דער מאַן? (טרעט אָפּ אַביסל פֿון פֿענצטער מיט פֿאַרדראָס) סאַראַ פֿערד, קאָלזומאַנ ער װעט ניט אַרײַנגײן אין צימער, װעט ער גאָרנישט ניט זאָגן.

## אופֿטריט 2.

די זעלביקע און דאָבטשינסקי.

אַנאַ אַנדרײעװנאַ: נו, זאָגט, כ׳בעט אײַך, איז עס אַ שטאַט? כ׳האָב זיך נאָר אָפּ אײַך אַלײן פֿאַרלאָזן, װי אָפּ אַ לײַטישן מענטשן, אַלע זײַנען פּלוצים אַרױסגעלאָפֿן, און איר אױך אַהין באַלד נאָך זײ. און איך קען דאָ נאָך ביז איצטער פֿון קײנעם קײן טאָלק ניט דערגײן. װי שעמט איר זיך דאָס ניט? איך האָב געטױפֿט באַ אײַך אײַער װאַניטשקען און ליזענקען, און איר—אָט װי איר זײַט זיך מיט מיר באַגאַנגען.

דאָבטשינסקי: ערנװאָרט, מומעניו, כ׳בין אַזױ געלאָפֿן אָפּגעבן אײַך אַ גוט־מאָרגן, אַז כ׳קען דעם אָטעם ניט אָפּכאַפּן. אַ גוט מאָרגן, מאַריאַ אַנטאָנאָװנאַ!

מאַריאַ אַנטאָנאָװנאַ: אַ גוט יאָר, פּיאָטר איװאַנאָװיטש!

אַנאַ אַנדרײעװנאַ: נו, װאָס? נו, דערצײלט שױן, װאָס און װי איז דאָרטן?

דאָבטשינסקי: אַנטאָן אַנטאָנאָװיטש האָט אײַך געשיקט אַ צעטעלע.

אַנאַ אַנדרײעװנאַ: נו, אָבער װער איז ער אַזױנער? אַ גענעראַל?

דאָבטשינסקי: נײן, ער איז ניט קײן גענעראַל, אָבער ער װעט נאָך באַשטײן אַקעגן אַ גענעראַל: סאַראַ בילדונג און סאַראַ װאַזשנע גענג.

אַנאַ אַנדרײעװנאַ: אַ! איז עס, הײסט עס, דער זעלביקער, װעגן װעלכן מע האָט געשריבן דעם מאַן.

דאָבטשינסקי: דער עמעסער. איך האָב עס דער ערשטער אַנטדעקט צוזאַמען מיט פּיאָטר איװאַנאָװיטשן.

אַנאַ אַנדרײעװנאַ: נו, טאָ דערצײלט: װאָס און װיאַזױ?

דאָבטשינסקי: יאָ, אַ לױב צו־גאָט, אַלץ איז אָרדענונג. אין אָנהײב האָט ער געהאַט אױפֿגענומען אַנטאָן אַנטאָנאָװיטשן אַביסל האַרבלעך, יאָ, געבײזערט זיך און געזאָגט, אַז אַלץ אין האָטעל טױג ניט, און אַז צו אים װעט ער ניט פֿאָרן, און ער װיל ניט זיצן פֿאַר אים אין טורמע, נאָר נאָכדעם, אַז ער האָט דערקענט אַנטאָן אַנטאָנאָװיטשעס אומשולד, און אַז ער האָט זיך מיט אים נעענטער פֿאַנאַנדערגערעדט, האָט ער באַלד איבערגעביטן די געדאַנקען און, אַ לױב צו גאָט, אַלץ איז אַװעק קעשורע. זײ זײַנען איצטער אַװעקגעפֿאָרן באַקוקן די װױלטעטיקע אַנשטאַלטן... און איך מוז זיך מודה זײַן, אַז ער, אַנטאָן אַנטאָנאָװיטש, האָט שױן געמײנט, צי איז דאָ ניט אַמאָל געװען אַ שטילע מעסירע; מיר אַלײן האָט שױן אױך אַ ביסל גענומען טיאָכקען אין האַרצן.

אַנאַ אַנדרײעװנאַ: װאָס האָט איר װאָס צו מורא צו האָבן? איר פֿאַרנעמט דאָך ניט קײן אַמט.

דאָבטשינסקי: גלאַט אזוי. איר ווייסט, ווענ א סראָרע רעדט, באַפאַלט דיכ עפּעס א שרעק...

אנא אנדרייעוונא: נו, וואָס... ס'איז אלץ, פונדעסטוועגנ, נארישקייטנ... איר זאָגט מיר: ווי זעט ער אויס אזוי? אנ אלטער, א יונגער?

דאָבטשינסקי: א יונגער, א יונגערמאַנ פונ א יאָר דריי אונ צוואַנציק, אָבער רעדט אקוראַט, ווי אנ אלטער. „דערלויבט", זאָגט ער, „איכ וועל פאָרנ אי אהער, אי אהינ" (מאכט מיט די הענט.) עס פארנעמט אנ אויג. „איכ", זאָגט ער, „האָב ליב אי א שרייב צו טאָנ, אי א לייענ צו טאָנ, נאָר עס שטערט מיר, וואָס אינ צימער", זאָגט ער, „איז אביסל טונקל".

אנא אנדרייעוונא: אונ אזוי ווי זעט ער אויס: א ברינעט, צי א בלאָנדינ?

דאָבטשינסקי: ניינ, ער איז מער א שאַנטרעט, אונ די אויגעלעכ אזוינע ביסטרע, אָט ווי די כייעלעכ, אז מע דערפילט זיכ אפילע פונ זיי אביסל ניט ביי זיכ.

אנא אנדרייעוונא: וואָס שרייבט ער דאָ צו מיר אינ צעטעלע? (לייענט.) „איילַ איכ דיכ צו בענאַכריכטנ, נעשאָמע מיינע, אז מיינ לאַגע איז געווענ א גאַנצ קלאָגעדיקע, נאָר איכ פארהאָפ אפ דעם בארעמהארציקנ גאָט; פאר צוויי געזאַלצענע אוגערקעס באַזונדער. אונ פאר א האַלבער פאָרציע קאַוויאַר א רובל פינפאונצוואַנציק קאָפּיקעס". (שטעלט זיכ אָפּ.) איכ פארשטיי גאָרניט: ווי קומענ דאָ אהער געזאַלצענע אוגערקעס אונ קאַוויאַר?

דאָבטשינסקי: א, דאָס האָט אנטאָנ אנטאָנאָוויטש אינ איילעניש באַנוצט פאר־שריבענעמ פאפיר; דאָרטנ איז שוינ געווענ אָנגעשריבנ עפּעס א כעזשבנ.

אנא אנדרייעוונא: א, יע, ריכטיק. (לייענט ווייטער.) „נאָר איכ פארהאָפ אפ דעמ בארעמהארציקנ גאָט, אז אלצ וועט זיכ, מיסטאָמע, ענדיקנ צום גוטנ. מאכ צורעכט וואָס גיכער א צימער פאר דעם כאָשעווונ גאַסט, אָט דעמ, וואָס איז אויסגעקלעפּט מיט די געלע טאַפּעטנ; צוגעבנ צום מיטיק דארפט איר זיכ ניט באַמיִענ, ווייל מיר וועלנ צובייסנ אינ ווילטעטיקנ אנשטאַלט בא ארטעמי פיליפּאָוויטשנ, אָבער ווייַנ דארפסטו הייסנ וואָס מער; זאָג דעמ קרעמער אבדולינ, ער זאָל צושיקנ די סאַמע בעסטע, אויב ניט וועל איכ בא אימ איבערקערנ דעמ גאַנצנ קעלער. קושנדיק, נעשאָמע מיינע, דיינ האַנט, בלייב איכ דיינער: אנטאָנ סקוואָזניק־מוכאַנאָווסקי..." אכ, ליבער גאָט, מע דארפ דאָכ עס מאכנ וואָס גיכער! עי, ווער איז דאָרטנ? מישקא!

דאָבטשינסקי: (לויפט אונ שרייט אינ טיר אריינ) מישקא! מישקא! מישקא! (מישקע קומט אריינ.)

אנא אנדרייעוונא: הער זיכ איינ, לויפ צו צום קרעמער אבדולינ... וואַרט, כ'וועל דיר געבנ א צעטעלע. (זעצט זיכ צום טיש, שרייבט א צעטעלע אונ דערווייל רעדט זי.) דאָס דאָזיקע צעטעלע גיב אָפּ סידאָר דעם קוטשער, זאָל ער מיט אימ א לאָפּ טאָנ צום קרעמער אבדולינ אונ ברענגענ ווייַנ פונדאָרטנ. אונ דו, גיי אָט שוינ אונ קלייב צו ווי געהעריק איז אָטאָ־דעמ צימער פארנ גאַסט. ווּעסט דאָרטנ אוועקשטעלנ א בעט, א וואַש־טישל אונ די איבעריקע זאכנ.

דאָבטשינסקי: נו, אנא אנדרייעוונא, איכ וועל איצטער וואָס גיכער א לאָפּ טאָנ זענ, וויִאזוי ער באַקוקט דאָרטנ.

אנא אנדרייעוונא: גייט, גייט! איכ האַלט אייכ ניט!

## אופטריט 3.

אנא אנדרייעוונא, מאריא אנטאָנאָוונא.

אנא אנדרייעוונא: נו, מאשענקא, איצטער דארפנ מיר זיך פארנעמענ מיטנ טואַלעט. דארפסט וויסנ, אז דאָס איז אנ אנטיקעלע פונ דער הויפּטשטאָט: גאָט זאָל אָפּהיטנ, ער זאָל דאָ. נאָך פונ עפּעס וואָס ניט אָפּלאכנ. פאר דיר פּאסט בעסער ווי אלץ אָנטאָנ דײַנ בלאנקעט קלייד מיט די קליינע פאלבאָנקעס.

מאריא אנטאָנאָוונא: פע, מאמעניו, די בלאנקעט. זי איז מיר ניט צום הארצנ; אי ליאפּקינא־טיאפּקינא גייט אינ בלאנקעט, אי זעמליאניקעס טאָכטער אויך אינ בלאנקעט. ניינ, איך וועל בעסער אָנטאָנ די געבלומטע.

אנא אנדרייעוונא: די געבלומטע! אפ מײַנ וואָרט, ווי דו רעדסט נאָר אפּצולאָכעס. זי וועט דיר פּאסטנ אסאך בעסער, ווײַל איך וועל אָנטאָנ די פּאלעווע, כ'האָב זייער ליב פּאלעווע.

מאריא אנטאָנאָוונא: אָ, מאמעניו, אײַך קליידט ניט קיינ פּאלעווע.

אנא אנדרייעוונא: מיר קליידט ניט קיינ פּאלעווע?

מאריע אנטאָנאָוונא: אײַך קליידט ניט; איך וועל געבנ, וואָס איר ווילט, אז אײַך קליידט ניט. צו דעם דארפ מענ גאָר האָבנ, אז די אויגנ זאָלנ זײַנ שטארק טונקעלע.

אנא אנדרייעוונא: נא דיר, נו! און מײַנע אויגנ זײַנענ שוינ גאָרניט קיינ טונ־קעלע? די עמעסע טונקעלע. אז וואָס איז דאָ צו ריידנ! וויאזוי זײַנענ זיי ניט קיינ טונקעלע, אז אלעמאָל וואַרפ איך אויס אינ קאָרטנ אפ דער דאמע־צײַלעס?

מאריא אנטאָנאָוונא: אוי, מאמעניו, איר זײַט מער א דאמע־רייצ.

אנא אנדרייעוונא: נארישקײַט! נארישקײַט! גאָלע נארישקײַט! איך בינ קיינמאָל ניט געווענ קיינ דאמע־רייצ. (גייט אפּגיך אָפּ צוזאמענ מיט מאריא אנטאָנאָוונא און רעדט פונ הינטער דער סצענע.) וואָס איר קענ אמאָל אײַנפאלנ! א דאמע־רייצ! שיידים וייסנ וואָס!

(בא זייער אוועקגיינ עפנט זיך א טיר און מישקע וואַרפט ארויס פונ אים די מיסט. פונ אנ אנ־דער טיר קומט ארײַנ אָסיפ מיט א טשעמאָדאנ אפנ קאָפּ.)

## אופטריט 4.

מישקע און אָסיפ.

אָסיפ: ווּהינ גייט מענ דאָ?

מישקא: אהער, פּעטער, אהער!

אָסיפ: וואַרט, לאָז אפריִער אָפּדערכענ. אך, סארא ביטערער מאזל! אפנ ניכטערנ הארצנ איז א יעטווידע מאסע שווער.

מישקע: נו, וואָס, פּעטער, זאָגט: באלד וועט דאָ זײַנ דער גענעראל?

אָסיפ: וועלכער גענעראל?

מישקא: נו, אײַער פּאָרעצ.

אָסיפ: דער פּאָרעצ, טאָ וואָס איז ער פאר א גענעראל?

מישקא: איז ער ניט קיינ גענעראל, וואָס?

אָסיפ. א גענעראל, אָבער נאָר פונ דער לינקער זײַט.

מישקאַ: איז וואָס איז דאָס, מערער צי ווייניקער פון אַן עמעסן גענעראַל?
אָסיפּ: מערער.
מישקאַ: אהא, זעסטו! ניט אומזיסט האָט מען עס דאָ אופגעהייבן. אזא הארמידער.
אָסיפּ: הער זיך איַין, יאַט; ווי איך זע, ביסטו דער עמעסער כעוורעמאַן; מאַך מיר עפּעס וואָס צום עסן.
מישקאַ: אַז פאַר איַיך, פעטער, איז נאָך ניט פאַרטיק. קיין פּראָסטע מיַיכאָלים וועט איר דאָך ניט נעמען, איז אָט, ווען איַיער פּאָרעץ וועט זיך זעצן צום טיש, וועט מען איַיך שוין אויך דערלאַנגען די זעלביקע עסנס.
אָסיפּ: נו, און וואָס איז דאָ פאַראַן בא איַיך פון די פּראָסטע מיַיכאָלים?
מישקאַ: קרויט, קאַשע און קוילעטש.
אָסיפּ: דערלאַנג אָקאָרשט אהער די קרויט, קאַשע און קוילעטש. ס'מאַכט ניט אויס, מיר וועלן אַלץ אריַינרייבן. נו, לאָמיר אוועקטראָגן דעם טשעמאָדאַן. וואָס, אַן אַנדער טיר איז דאָרטן פאַראַן?
מישקאַ: פאַראַן (ביידע טראָגן ארויס דעם טשעמאָדאַן אין א זיַיטיקן צימער.)

## אופטריט 5.

די קוואַרטאַלנע עפענען פאַנאַנדער די ביידע העלפטן פון טיר. עס קומען אריַין כלעסטאַקאָוו; נאָך אים דער גאָראָדניטשי, אביסל וויַיטער דער אופזעער איבער די וווילטעטיקע אַנשטאַלטן, דער אָנפירער פון די לערן־אַנשטאַלטן. דאָבטשינסקי און באָבטשינסקי מיט א פּלאַסטער אף דער נאָז, דער גאָראָדניטשי וויַיזט אָן די קוואַרטאַלנע אף פּאַפּירל, וואָס ליגט אפן דיל, זיי פליִען צו, שטופּנדיק זיך אין איַילעניש, און הייבן עס אוף.

כלעסטאַקאָוו: ווילע אַנשטאַלטן. מיר געפעלט, וואָס בא איַיך באַוויַיזט מען די דורכפאָרער אַלצדינג אין שטאָט. אין אַנדערע שטעט האָט מען מיר גאָרנישט ניט באַוויזן.
גאָראָדניטשי: אין די אַנדערע שטעט, דערלויב איך מיר איַיך צו זאָגן, טראַכטן דער שטאָט־פּאַרוואַלטער און די באַאַמטע מערער, אזוי צו זאָגן, וועגן די אייגענע נוצן, אָבער דאָ, פּאַסט צו זאָגן, איז קיין אַנדער מיין ניטאָ, ווי נאָר דער, אַז מען זאָל מיט דעם שיינעם פיר און מיט דער וואַכזאַמקיַיט פאַרדינען די אופמערקזאַמקיַיט פון נאַטשאַלסטווע.
כלעסטאַקאָוו: דער פרישטיק איז געווען זייער א גוטער. כ'האָב זיך גאַנץ גע־שמאַק אָנגעגעסן. וואָס, בא איַיך איז יעדער טאָג אזא פרישטיק?
גאָראָדניטשי: אומיסטן נאָר פאַר אזא ליבן גאַסט.
כלעסטאַקאָוו: איך האָב ליב אריַינצוקיַיען. וואָרעם צוליב וואָס לעבט מען אף דער וועלט, אויב ניט אָפּצופליקן די בלימעלעך פון ווילטיק. ווי האָט געהייסן די פיש?
אַרטעמי פיליפּאָוויטש: (לויפט צו) לאַבאַרדאַן, מיַין האַר!
כלעסטאַקאָוו: זייער געשמאַקע פיש. ווו האָבן מיר דאָס געפרישטיקט? אין שפּי־טאָל, וואָס?

אַרטעמי פּיליפּאָוויטש: גאנצ ריכטיק, אינעמ ווילטעטיקנ אנשטאלט.

כליעסטאקאָוו: איכ געדענק, איכ געדענק. דאָרטנ זײַנענ געשטאנענ בעטלעכ. נו, אונ די קראנקע זײַנענ געזונט געוואָרנ? דאכט זיכ, אז דאָרטנ איז געווענ ניט קיינ סאכ.

אַרטעמי פּיליפּאָוויטש: א מענטשנ צענ זײַנענ איבערגעבליבנ, ניט מער; די איבעריקע זײַנענ אלע געזונט געוואָרנ. דאָס איז שוינ בא אונדז אזוי אוועקגעשטעלט, אזא אָרדענונג. זינט דעמאָלט, ווי איכ האָב איבערגענומענ די אָנפירונג—קענ זײַנ, אז אײַכ וועט דאָס אפילע אויסקומענ אביסל מאָדנע־ווערנ אלע ווי די פליגנ, אָט באלד אויסגעהיילט. א כיילע באווײַזט נאָכ ניט ארײַנצוגיינ אינ שפּיטאָל, ווי ער איז שוינ געזונט, אונ ניט אזוי צוליב מעדיקאמענטנ, ווי צוליב אָרנטלעכקײַט אונ אָרדענונג.

גאָראָדניטשי: איכ דערלויב מיר אײַכ צו זאָגנ, אז בא דעמ שטאָט־פּראוואלטעל שפּאלט זיכ אָפּטמאָל אויש דער קאָפּ פונ די אלערליי זאָרגנ. שוינ די קאָפּדרייעניש אליינ וועגנ דער ריינקײַט, רעמאָנטנ, פאריכטנ עפּעס... מיט איינ וואָרט, דער קליגסטער מענטש וואָלט זיכ ניט געקענט ארויסהעלפנ, נאָר א לויב צו גאָט, בא מיר גייט אלצ קעשורע. אנ אנדער גאָראָדניטשי, פארשטייט זיכ, וואָלט דערבײַ געזאָרגט וועגנ די אייגענע נוצנ, נאָר איר וועט גלויבנ צי ניט, אז אפילע בייס דו לייגסט זיכ שלאָפנ, האלטסטו אינ אײַנטראכטנ: „גאָט אינ הימל, ווי מאכט מענ עפּעס אזוי, אז נאטשאלסטווע זאָל דערזענ מײַנ טרײַשאפט אונ זאָל בלײַבנ צופרידנ. באלוינט?!“ מיר צי ניט, דאָס איז, פארשטייט זיכ, איר זאכ, אָבער איכ וועל לעכאָלאפאָכעס האָבנ א רויִק געמיט. ווענ אינ שטאָט איז אלצ אפּ אנ אָרט, די גאסנ זײַנענ אויסגעקערט, די ארעסטירטע האלט מענ אופ גוט, שיקורימ זײַנענ ווייניק... איז וואָס דארפ איכ מער? איר וועט גלויבנ, אז איכ וויל גאָרניט דערפאר קיינ קאָוועד. עמעס דער ניסאָיענ איז גרויס, אָבער אנטקעגנ דער ריינער טוגנדהאפטיקײַט איז אלצ אײַטל גאָרנישט.

אַרטעמי פּיליפּאָוויטש: אָט א פּוסטע קיילע! ווי ער האָט זיכ עס אָקאָרשט צעגארטלט. טו מאכ—אז גאָט האָט אימ פּאָרט באשאָנקענ מיט אזא קויעל!

כליעסטאקאָוו: ס'איז עמעס. איכ דארפ זאָגנ, אז איכ אליינ האָב אויכ ליב אמאָל א פילאָזאָפיר צו טאָנ, אמאָל אינ פּראָזע, אונ אנ אנדערשמאָל נעמענ זיכ שיטנ גראמענ אויכ.

באָבטשינסקי: (צו דאָבטשינסקינ) ריכטיק, ריכטיק ווי גאָלד, פּיאָטר איוואנאָוויטש! סארא ווערטלעכ... מענ זעט גלײַכ, אז א מענטש האָט געלערנט אינ די וויסנשאפטנ.

כליעסטאקאָוו: זאָגט מיר, זײַט אזוי גוט, צי זײַנענ ניטאָ בא אײַכ וועלכע ניט איז פארווײַלונגענ, געזעלשאפטנ, ווו מע זאָל קענענ, צומ בײַשפּיל, מאכנ א קערטל?

גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט) אהא, מיר ווייסנ, טײַערינקער, אינ וועמעס פּארקנ די צילעוועס. (הויכ) גאָט זאָל אָפּהיטנ. דאָ איז קיינ סימענ ניטאָ פונ אזוינע געזעלשאפטנ. איכ האָב קיינמאָל קיינ קאָרטנ אפילע אינ האנט ניט געהאלטנ. איכ ווייס אפילע ניט, וויִאזוי מע שפּילט אינ די דאָזיקע קאָרטנ. כ'האָב קיינ־

מאָל ניט געקענט קוקן אף זיי גלייַכגילטיק. און אויב עס מאכט זיך דיר אמאָל פאר די אויגן א האָסער ניט איז מיילעכ־שער, אָדער וואָס ניט איז אנדערש, כאפט דיך אָן אזא ניט־גוטקייַט, אז דו האלטסט אין איין שפּייַען. עפּעס איינ־מאָל, שפּילנדיק זיך מיט די קינדער, איז מיר אויסגעקומען אויסצובויען א שטיבע־לע פון קאָרטן, זייַנען זיי מיר נאָכדעם די טייַוולאָנים, א גאנצע נאכט געקומען צו כאָלעם. צו אלדי גוטע יאָר! וויאזוי קען מען עס נעמען די טייַערע צייַט און פאטערן אף קאָרטן?

**לוקא לוקיטש:** (אָנאזייַט) און בא מיר האָט ער נעכטן, דער אויסוואורף, אויס־געפּאָנטירט א הונדערטער.

**גאָראָדניטשי:** איך וועל שוין בעסער אָפּגעבן די צייַט אף ברענגען נוצן דער מעלוכע.

**כלעסטאקאָוו:** ניין, אומזיסט מיינט איר, פונדעסטוועגן... אלץ הענגט אָפּ פון אָט דער זייַט, פון וועלכער ווער עס קוקט אף דער זאך. אויב, צום בייַשפּיל, דו ווערסט באסטעווען דעמאָלט, ווען מע דארף קנאקן מיט אלע קויכעס... נו, דעמאָלט, פאר־שטייט זיך... ניין, זאָגט ניט, אז אנדערש מאָל איז גאנץ טשיקאווע א שפּיל צו טאָן.

## אופטריט 6.

די זעלביקע, אנא אנדרייעוונא און מאריא אנטאָנאָוונא.

**גאָראָדניטשי:** כ'וועל זיך דערלויבן אייַך פאָרצושטעלן מייַן געזינד: מייַן פרוי און מייַן טאָכטער.

**כלעסטאקאָוו:** (פארנייגט זיך) ווי איך בין גליקלעך, גנעדיקע פרוי, וואָס איך האָב איין א געוויסן ארט דעם פארגעניגן אייַך צו זען.

**אנא אנדרייעוונא:** אונדז איז נאָכמער אָנגענעם צו זען אזא פּערזאָן.

**כלעסטאקאָוו:** (קאָקעטירנדיק) דערלויבט, גנעדיקע פרוי, פּונקט פארקערט: מיר איז נאָך מער אָנגענעם.

**אנא אנדרייעוונא:** ווי קען מען עס אזוי רייִדן? דאָס זייַט איר אזוי ליבנס־ווירדיק נאָר צוליב א קאָמפּלימענט. איך בעט אייַך, זייַט אזוי גוט, זיצט.

**כלעסטאקאָוו:** נעבן אייַך צו שטיין איז שוין א גליק. אנעוו, אויב איר ווילט אזוי אומבאדינגט, וועל איך זיך צוזעצן. ווי איך בין גליקלעך, וואָס ענדלעך זיץ איך לעבן אייַך.

**אנא אנדרייעוונא:** דערלויבט, איך דערוועג זיך גאָרניט אָנצונעמען עס אף מייַן כעזשבן. איך מיין, אז נאָך דער הויפּטשטאָט איז דאָס וואָיאזשירן אייַך זייער ניט צום הארצן.

**כלעסטאקאָוו:** זייער. געוווינט אזוי צו לעבן, Compenez-vous, אין דער גרויסער וועלט, און פּלוצלינג אריינפאלן אונטערוועגנס: שמוציקע טראקטירן, פינצטערניש פון דער אומוויסנהייַט... איך בין זיך מודע, אז ווען ניט אזא צופאל, וואָס האָט מיר... (ווארפט אן אויג אף אנא אנדרייעוונא און קאָקעטירט פאר איר.) אזוי באלוינט פאר אלץ...

אנא אנדרײעװנא: נו, טאקע אזוי, װי אומאָנגענעם דאָס דארפ זײַנ פאר אײַכ.

כלעסטאקאָװ: אגעװ, גנעדיקע פרוי, איז מיר אינ אָט דער רעגע זײער אָנגענעם.

אנא אנדרײעװנא: װי קענ מענ עס אזוי זאָגנ! איר טוט מיר אָנ גרויס ערע. איכ האָב עס גאָרניט פארדינט.

כלעסטאקאָװ: פארװאָס עפעס האָט איר עס ניט פארדינט? איר האָט עס יאָ פארדינט, גנעדיקע פרוי.

אנא אנדרײעװנא: איכ װױנ אינ דאָרפ..

כלעסטאקאָװ: יאָ, דאָס דאָרפ, אגעװ, האָט זיכ אויכ זײַנע בערגעלעכ... טײַבעלעכ... נו, געװיס, קײנער װעט עס ניט פארגלײַכנ מיט פעטערבורג! אָ, פעטערבורג! סארא לעבנ, אפ מײַנ װאָרט! איר מײנט דאָכ אװאדע, אז איכ בינ נאָר א איבערשרײַבער; נײנ, דער שעפ פונעם אָפטײל איז מיט מיר אויסגעבונדנ. ער טוט מיר אזוי א קלאפ אינ פלײצע: „קום צוגײנ, גוטער ברודער, אפ מיטיק!" איכ כאפ זיכ בלויז ארײַנ אפ א פאָר מינוט אינ דעפארטאמענט, נאָר אפ אָנצוזאָגנ: אָט דאָס אזוי, דאָס אזוי. אונ דאָרטנ זיצט שוינ דער באאמטער, װאָס שרײַבט. א שטשור אזא, מיטנ פעדער נאָר—טרר... טרר... אונ טוט זיכ א נעם צו דער שרײַבערײַ. מע האָט מיכ אפילע געװאָלט מאכנ פאר א קאָלעגיע־אסעסער, טראכט איכ מיר, צו װאָס? אונ דער דינער באלד אפ די טרעפ פליט מיר נאָכ מיט א בערשטל: „דערלויבט, איװאנ אלעקסאנדראָװיטש, איכ װעל אײַכ", זאָגט ער, „די שטיװל אָפוצנ". (צום גאָראָדניטשי.) װאָס שטײט איר, מײַנע הערנ? זעצט זיכ, זײַט אזוי גוט.

גאָראָדניטשי: אונדזער ראנג איז אזא, אז מענ מעג נאָכ שטײנ א ביסל.

ארטעמי פיליפאָװיטש: מיר קענענ נאָכ באשטײנ.

לוקא לוקיטש: איר דארפט זיכ ניט באומרויִקנ.

כלעסטאקאָװ: אָנ ראנגענ, איכ בעט, זעצט זיכ. (דער גאָראָדניטשי אונ אלע זעצנ זיכ.) איכ האָב ניט ליב קײנ צערעמאָניעס. פארקערט, איכ מי זיכ אפילע, איכ מי זיכ אזוי דורכשװינדנ אומבאמערקטערהײט. אָבער מע קענ זיכ בעשומויפנ ניט אויסבאהאלטנ, בעשומויפנ ניט! גײ איכ נאָר ערגעצ־װו ארויס, זאָגט מענ באלד: „אָנ גײט", זאָגט מענ, „איװאנ אלעקסאנדראָװיטש". אונ אײנמאָל האָט מענ מיכ אפילע אָנגענומענ פאר דעם הויפט פעלדמארשאל. די סאָלדאטנ זײַנענ ארויסגעשפרונגענ פונ דער הויפט־װאכטע אונ געשטעלט זיכ אינ פראָנט. נאָכדעם האָט מיר שוינ אנ אָפיצער, מײַנער א גוטער כעװרעמאנ, געזאָגט: „נו, גוטער ברודער, מיר האָבנ דאָכ דיכ דורכויס אָנגענומענ פאר דעם הויפט־פעלדמארשאל".

אנא אנדרײעװנא: װאָס זאָגט איר דערצו!

כלעסטאקאָװ: יאָ, מיכ קענענ שוינ אלע. איכ בינ באקאנט מיט פײַנינקע ארטיסטקעלעכ. כ'האָב דאָכ אלײנ אויכ פארשײדענע װאָדעװילטשיקלעכ... איכ טרעפ זיכ גאנצ אָפט מיט ליטעראטנ, מיט פושקינענ בינ איכ אויסגעבונדנ. עס טרעפט, איכ טו צו אים א זאָג אזוי גאנצ אָפט: „נו, װאָס, גוטער ברודער פושקינ?" „אָט גאָרנישט, ברודער", ער טוט אמאָל אזוי א זאָג: „עפעס איז מיר דאָ אלצ..." א גרויסער אָריגינאל...

אנא אנדרײעװנא: הײסט עס, אז איר שרײַבט אויכ. װי מוז עס מיסטאָמע זײַנ אָנגענעמ דעמ פּארפאסער? איר דרוקט אוואדע אינ די זשורנאַלנ אויכ?

כלעסטאקאָװ: יאָ, איכ דרוק אינ די זשורנאַלנ אויכ. איכ האָב, אגעװ, אסאכ װערק. „פיגאראָס כאסענע“, „ראָבערט דער טײַװל“, „נאָרמא“. איכ געדענק שוינ אפילע ניט די נעמענ. אונ אלצ אזוי צופעליק. איכ האָב ניט געװאָלט שרײַבנ, זאָגט אָבער צו מיר די טעאטער-דירעקציע: „זײַ אזוי גוט, ברודער שרײַב עפּעס אָנ“. טראכט איכ מיר: „זאָל זײַנ, גוטער ברודער, ביטע“. אונ דאָ טאקע באלד אינ אײנ אָװנט האָב איכ, דאכט זיכ אלצ אָנגעשריבנ. אלע זײַנענ ארײַנ אינ היספּאַלעס. בא מיר, זעט איר, איז א מאָדנע לײַכטקײַט פונ די געדאנקענ. אָט דאָס אלצ, װאָס איז געװענ אונטערנ נאָמענ פונ באראָנ בראָמבעוס „דער פרעגאט האָפּענונג“ אונ „מאָסקװער טעלעגראף“... דאָס אלצ האָב איכ אָנגעשריבנ.

אנא אנדרײעװנא: זאָגט זשע, זײַט איר דאָס געװענ בראָמבעוס?

כלעסטאקאָװ: װאָדענ? זײ אלעמענ בעסער איכ אויס די ארטיקלענ. סמירדינ גיט מיר דערפאר 40 טויזנט.

אנא אנדרײעװנא: איז דאָכ אװאדע „יורי מילאָסלאװסקי“ אויכ אײַער װערק?

כלעסטאקאָװ: יאָ, ס'איז מײַנ װערק.

אנא אנדרײעװנא: כ'האָב זיכ אָבער באלד אָנגעשטויסנ.

מאריא אנטאָנאָװנא: אכ, מאמעניו, דאָרטנ איז דאָכ אָנגעשריבנ, אז זאָס איז דאָכ דעמ הער זאגאָסקינס װערק?

אנא אנדרײעװנא: נא דיר! איכ האָב אָבער געװוּסט, אז דו װעסט זיכ אפילע דאָ אויכ אװעקשטעלנ אמפּערנ!

כלעסטאקאָװ: אכ, יאָ. עמעס. ס'איז ריכטיק. ס'איז טאקע זאגאָסקינס, אָבער ס'איז פאראנ אנ אנדער „יורי מילאָסלאװסקי“, אונ אָט יענער איז שוינ מײַנער.

אנא אנדרײעװנא: נו, אװאדע, איכ האָב געלײענט אײַערנ. אכ, װי שײנ אָנגעשריבנ.

כלעסטאקאָװ: איכ דארפ אײַכ זאָגנ, אז ליטעראטור—דאָס איז מײַנ לעבנ. מײַנ הויז איז דאָס ערשטע אינ פּעטערבורג. אלע װײסנ שוינ: איװאנ אלעקסאנדראָװיטשעס הויז. (װענדעט זיכ צו אלעמענ.) טוט מיר די געפעליקײַט, מײַנע הערנ, אויב איר װעט אזוי אמאָל זײַנ אינ פּעטערבורג, בעט איכ אײַכ, בעט איכ אײַכ צו מיר. איכ מאכ דאָכ אויכ בעלער.

אנא אנדרײעװנא: כ'שטעל זיכ שוינ פאָר, מיט װאָס פאר א געשמאק אונ מיט װאָס פאר א פּראכטיקײַט עס װערנ בא אײַכ געמאכט די בעלער!

כלעסטאקאָװ: רעדט בעסער גאָרניט. אפנ טיש, צומ בײַשפּיל, ליגט א קאװענע—700 רובל א קאװענע. זופּ אינ דעמ פּענדעלע איז זיכ געקומענ מיטנ שיפ גלײַכ פונ פּאריזש; מענ עפנט דאָס דעקל שלאָגט א פּארע אזא, װאָס איר גלײַכנ איז ניטאָ אינ דער נאטור. איכ בינ אלע טאָג אפ בעלער. דאָרטנ האָט זיכ אפילע בא אונדז געשאפנ אונדזערער אנ אײגענער װיסט; דער

מיניסטער פאר אויסלענדישע איניאָנים, דער פראנצויזישער קאָנסול, דער ענגלישער, דער דײַטשישער קאָנסול און איך. מען ווערט אזוי אויסגעמאטערט שפּילנדיק, אז דער גוטער יאָר ווייס אײַך! דו פליסט ארוף איבער די טרעפּ צו זיך אפּן פערטן עטאזש, און טוסט נאָר א זאָג צו דער קעכן: „נא, מאווּרושקע, דעם שינעל"... אך, וואָס? כ'האָב געזאָגט א ליגן—כ'האָב גאָר פארגעסן, אז איך וווין אין בעל־עטאזש, וואָס די טרעפּ אליין האָבן מיר אָפּגעקאָסט... אָבער ס'איז גאנץ טשיקאווע כאפּן א קוק ארײַן צו מיר אין פאָדער־צימער, ווען איך בין נאָך אין בעט: גראפן און פירשטן שטופּן זיך דאָרטן און הודזען ווי די בינען. מען הערט נאָר: זשש... זשש... עס טרעפט אמאָל אז אויך א מיניסטער... (דער גאָראָדניטשי און די איבעריקע הייבן זיך אויף פון שרעק פון די שטולן.) אפילע אף די פּאקעטן שרײַבט מען צו מיר: „אײַער עקסעלענצ". איינמאָל האָב איך אפילע אָנגעפירט מיט א דעפּארטאמענט. מאָדנע: דער דירעקטאָר איז אוועקגעפאָרן, וואוהין איז ער אוועקגעפאָרן, ווייס מען ניט, נו, נאטירלעך, אז עס איז אוועק א ריייד: ווי, וואָס, ווער זאָל פארנעמען דעם אָרט. צווישן די גענעראלן האָבן זיך געפונען אסאך באלאָנים און זיך גענומען, נאָר אז מע איז צוגעגאנגען צו דער זאך, ערשט—כאפּ זיך ניט. דיר דאכט זיך, אז ס'איז זיך גרינג, קוקסט זיך אָבער צו נעענטער, איז פּראָסט—שיידים ווייסן וואָס. נאָכדעם זעט מען, אז מע וועט גאָרנישט ניט מאכן—איז צו מיר. און אין אָט דער זעלביקער רגע—קוריערן, קוריערן אף די גאסן. איר קענט זיך פאָרשטעלן, פינף און דרײַסיק טויזנט איינע קוריערן. נו, וואָס זאָגט איר צו אזא לאגע, איך פרעג אײַך. „איוואן אלעקסאנדראָוויטש, גייט אָנפירן מיט דעם דעפּארטאמענט". איך בין זיך מודע, איך האָב זיך א ביסל פארלאָרן, ארויסגעגאנגען אין איין שלאָפראָק. איך האָב זיך געוואָלט אָפּזאָגן, טראכט איך מיר אָבער, עס וועט דערגיין צום קייסער, נו, און אין די אמט־פאפּירן אויך... „דערלויבט, מײַנע הערן, איך נעם אָן דעם אמט, איך נעם אָן", זאָג איך, „א סאָף אן עק", זאָג איך „איך נעם אָן, אָבער זעט, בא מיר איז נו־נו־נו! בא מיר איז אָן קונצן! וואָרעם איך..." און בעעמעס: אז כ'פלעג זיך מיר אמאָל אדורכגיין איבער דעם דעפּארטאמענט, איז עס געווען פּראָסט אן ערדציטערניש. אלץ האָט געציטערט און געפלאטערט ווי א בלאט (דער גאָראָדניטשי און די איבעריקע טרייסלען זיך פון שרעק. כלעסטאקאָוו גייט ארײַן אין נאָך א גרעסערער היסלאוועס.) אָ, איך האָב פײַנט די כאָכמעס; איך האָב זיי אלעמען געגעבן שמעקן פעפער. דער מעלוכע־ראט אליין ציטערט פאר מיר. וואָס מיינט איר זיך, סאָפּקאָלסאָפּ! ווער בין איך אײַך. איך קוק אף קיינעם ניט... איך זאָג זיי אלעמען: „כ'ווייס, כ'ווייס אליין ווער איך בין. איך בין אומעטום, אומעטום. טאָג אין טאָג פאָר איך אין קעניגלעכן פּאלאץ ארײַן. מיך וועט מען אָט מאָרגן שוין נעמען און אריבערפירן באלד אין פעלד־מארשא... (גליטשט זיך אראָפּ און שיר־שיר, וואָס ער גיט זיך ניט א זעץ אָן דר'ערד. אָבער די באאמטע כאפּן אים אונטער מיט אָפּשײַ.)

גאָראָדניטשי: (גייט צו און טרייסלט זיך מיטן גאנצן קערפּער. מאטערט זיך ארויסצורײדן א וואָרט) אײַ, אײַ, אײַ, אײַ...

**כלעסטאקאָוו:** (מיט א שארפער אָפגעהאקטער שטימ) וואָס איז?
**גאָראָדניטשי:** איַ, איַ, איַע...
**כלעסטאקאָוו:** (מיט דער אייגענער שטימ) איכ פארשטיי גאָרנישט. פוסטע רייד.
**גאָראָדניטשי:** איַ־איַ־איַ—... ער עקסעלענצ, עפשער וואָלט איר זיכ צוגעלייגט אָפרוען?.. אָט איז אי דער צימער, אי אלצ, וואָס נייטיק איז...
**כלעסטאקאָוו:** פוסטע רייד—אָפרוען. דערלויבט, איכ בינ גרייט אָפצורוען מיַינע הערנ, דער פרישטיק 'איז בא איַכ געווענ א גוטער... איכ בינ צופרידנ, איכ בינ צופרידנ· (רעקלאמירט.) לאבארדאנ, לאבארדאנ (גייט אָפ אינ זיַיטיקנ צימער. נאָכ אימ דער גאראָדניטשי).

## אופטריט 7.

די זעלביקע. אויסער כלעסטאקאָוונ און דעמ גאראדניטשי.

**באָבטשינסקי:** (צו דאָבטשינסקינ) אָט דאָס הייסט א מענטש, פיאָטר איוואנאָוויטש! שוינ איינמאָל א מענטש! זינט איכ לעב און געדענק בינ איכ נאָכ ניט געזעסנ לעבנ אזא וואזשנער פערזאָנ, שיר ניט געשטאָרבנ פונ איימע, ווי מיינט איר, פיאָטר איוואנאָוויטש, ווער איז ער אזוי, ווענ מע זאָל אזוי באהאנדלענ ווענגנ זיַינ ראנג?
**דאָבטשינסקי:** איכ מיינ, אז ער איז שיר ניט קיינ גענעראל.
**באָבטשינסקי:** און איכ מיַינ, אז א גענעראל וועט ניט דערגרייכנ אפילע צו זיַינע קנעכל, נאָר אויב שוינ א גענעראל, איז סיַידנ דער גענעראליסימוס אליינ. געהערט, ווי ער האָט דאָס א ביסל א נעמ געטאָנ דעמ מעלוכע־ראט? קומט, מיר וועלנ דערציילנ וואָס גיכער אמאָס פיאָדאָראָוויטשנ און קאָראָבקינענ. א גוטנ, אנא אנדרייעוונא.
**דאָבטשינסקי:** א גוטנ, מומעשע (ביידע גייענ אָפ).
**ארטעמי פיליפאָוויטש:** (צו לוקא לוקיטשנ) א גרויל! פראָסט א גרויל! און פונ וואנענ, פונ וואָס, ווייס איכ אליינ ניט. און מיר זיַינענ דאָכ דאָ אפילע אָנ די מונדירנ. נו, וואָס וועט זיַינ, אז ער וועט זיכ דורכשלאָפנ און וועט א קנאק טאָנ א פאפיר אינ פעטערבורג. (ער און דער אָנפירער פונ די לערנ־אנשטאלטנ גייענ אָפ פארטראכט, זאָגנדיק) א גוטנ, גנעדיקע פרוי!

## אופטריט 8.

אנא אנדרייעוונא און מאריא אנטאנאוונא.

**אנא אנדרייעוונא:** סארא ליבער!
**מאריא אנטאָנאָוונא:** סארא זיסער!
**אנא אנדרייעוונא:** סארא איידעלער באגיינ זיכ! מענ זעט גלײַכ, אז ס'איז אנ אנטיקל פונ דער הויפטשטאָט. די מאנירנ און אלצ מיט אנ אנדער... אכ, ווי שיינ! א גרויל, ווי איכ האָב ליב אזוינע יונגלײַט. איכ בינ פראָסט אָנ א קאָפּ... פונדעסטוועגנ בינ איכ אימ גריַילעכ געפעלנ געוואָרנ: איכ האָב באמערקט: ער האָט אלצ געקוקט אפ מיר.

מאריא אנטאָנאָוונא: אָ, מאמעניו, ער האָט אפ מיר געקוקט.

אנא אנדרײעוונא: זײַ אזוי גוט, גײ אוועק מיט דײַנע נארישקײַטן. אז ס'איז איצטער גאָרניט די צײַט פאר דעם.

מאריא אנטאָנאָוונא: נײן, מאמעניו, אפ מײַן וואָרט.

אנא אנדרײעוונא: נא דיר, נו! גאָט זאָל זי אָפּהיטן, אז זי זאָל זיך ניט צעקריגן! אז זי קען ניט אנדערש, מאכ! ווו וועט ער דאָרטן קוקן אפ דיר? לעמײַ זאָל ער אינמיטן דערינען נעמען און קוקן אפ דיר?

מאריא אנטאָנאָוונא: אפ מײַן וואָרט, מאמעניו, ער האָט אלץ געקוקט. אי ווען ער האָט אָנגעהייבן ריידן וועגן ליטעראטור, האָט ער א קוק געטאָן אפ מיר, אי נאָכדעם, ווען ער האָט דערציילט, ווי ער האָט געשפּילט אין וויסט מיט די קאָנסולן, האָט ער אויך דעמאָלט א קוק געטאָן אפ מיר.

אנא אנדרײעוונא: נו, קען זיך זײַן, עפּעס איינמאָל דאָרטן, איז דאָס אויך אבי ווי, נאָר קעדיי... „עט, לאָמיר נעמען“, זאָגט ער, „און איכ'ל שוין אפ איר א קוק געבן“.

## אופטריט 9.

די זעלביקע און דער גאראדניטשי.

גאָראָדניטשי: (קומט ארײַן אפ די שפּיץ פינגער) טסס... טסס...

אנא אנדרײעוונא: וואָס?

גאָראָדניטשי: אז ס'פארדריסט מיך שוין די גאנצע מײַסע מיטן אָנטרינקען. נו, וואָס וועט זײַן, אויב כאָטש א העלפט פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, איז עמעס? (פארטראכט זיך.) און לעמײַ זאָל טאקע ניט זײַן עמעס? א מענטש אונטערן גלעזל—איז בא אים אלץ פונויבן: וואָס אפ דער לונג, דאָס אפ דער צונג. פארשטײט זיך, אז ער האָט געבראָקט א ביסל ליגן אויך. וואָדען? אָן א ליגן גייט עס ניט. מאכט מיט די מיניסטאָרן א קערטל און פאָרט אין קײסערס פאלאצ... אפ מײַן וואָרט, וואָס מער דו טראכסט... צו אלדי שווארציאָר, הייבסטו שוין ביכלאל ניט אָן צו וויסן, וואָס סע טוט זיך מיט דיר אפ דער וועלט. אָדער דו שטייסט ערגעץ אפ דעם שפּיץ טורעם, אָדער מע וויל דיך גלאט אופהענגען.

אנא אנדרײעוונא: און מיר?—זאָל עס גאָר אָנהייבן צו ארן. איך האָב געזען אין אים איינפאך א געבילדעטן, אריסטאָקראטישן מענטשן פון העכסטן טאָן, און וואָס גייען מיר אָן סאָפקאָלסאָפ זײַנע ראנגען?

גאָראָדניטשי: נו, איר—ווײַבער, אז מער דארפ מען שוין ניט, אָט דער וואָרט אליין קלעקט. איר דארפט דאָך נאָר—פּליטערלעך. פּלוצים טוט מען עפּעס א ברײַע פון העלער הויט. איר וועט כאפּן עטלעכע שמיץ און מער גאָרניט, אָבער פון דעם מאן וועט קיין זייכער ניט בלײַבן. דו, נעשאָמע מײַנע, האָסט זיך געהאלטן מיט אים אזוי פרײַ, ווי עפּעס מיט א מין דאָבטשינסקי.

אנא אנדרײעוונא: וועגן דעם וואָלט איך געגעבן אן אייצע, איר זאָלט זיך ניט אָפּעסן דאָס הארץ. מיר וויסן שוין דאָ גראָדע עפּעס... (קוקט אפ דער טאָכטער.)

ב אָ ר אָ ד נ י ט ש י: (אליין) נו, מיט אײַך צו ריידן!.. דאָ איז דאָך סאָפּקאָלסאָפּ טאקע א מ׳עסע מײַסע!.. אז איך קען נאָך ביז איצטער צו זיך ניט קומען... (עפנט די טיר און רעדט אריין אין טיר.) מישקא, טו א רופ די קווארטאלנע, סוויסטונאָוו און דערזשימאָרדע, זיי זײַנען דאָ ערגעץ ניט ווײַט אהינטערן טויער. (נאָך א קורצער פּאוזע.) עפּעס א מאָדנע וועלט איצטער פונדעסטוועגן: וואָלט כאָטש געווען אפּ וואָס א קוק צו טאָן, אז דאָס איז דאָך דאר און קוואר ווי א שפּענדל, הײַנט דו דערגיי, ווער דאָס איז אזוינס. א מיליטער־מאן, זעסטו, איז נאָך עפּעס דאָ וואָס צו זען, אָבער אזא, אז ער טוט אָן דאָס פרעקל, איז דאָך דאָס פּראָסט אן אָפּגעפליקט הענדל. הײַנט, ווי ער האָט דאָס געמאכט דעם אָנשטעל דאָרטן אין האָטעל! געלאָזן אזוינע ווײַטע אָנצוהערעניש און ריידעלעך שפּרוכן, אז איך האָב געמיינט, אז מע וועט שוין בא אים קיינמאָל קיין טאָלק ניט דערגיין. ערשט סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער זיך פּאָרט געלאָזן ריידן, און האָט נאָך אָנגערעדט אסאך מער, וויפל מע דארף. מע זעט גלײַך, אז ס׳איז א יונגערמאנטשיק.״

## אופטריט 10.

די זעלביקע און אָ ס י פּ. אלע לויפן אים אנטקעגן און רופן אים מיט די פינגער.

אנא אנדרייעוונא: קום אהער, הארציקער!

גאָראָדניטשי: טשש... וואָס? וואָס? ער שלאָפט?

אָסיפּ: ניין נאָך, ער פּאָטשאָוועט זיך נאָך אביסל.

אנא אנדרייעוונא: הער זיך אײַן, ווי רופט מען דיך?

אָסיפּ: אָסיפּ, גנעדיקע פרוי.

באָראָדניטשי: (צו דער ווײַב און טאָכטער) גענוג אײַך שוין, גענוג שוין! (צו אָסיפן.) נו, וואָס, ליבער פרײַנט, מע האָט דיך עפּעס גוט אָנגעקאָרמעט?

אָסיפּ: אָנגעקאָרמעט. א שיינעם דאנק. גוט אָנגעקאָרמעט.

אנא אנדרייעוונא: נו וואָס, זאָג: צו דײַן באלעבאָס קומען ארײַן מיסטאָמע אסאך גראפן און פירשטן? כ׳מיין עפּעס?

אָסיפּ: (אָנאזײַט) וואָס זאָגט מען דאָ? אויב מע האָט איצטער גוט אָנגעקאָרמעט, הייסט עס, אז מע וועט נאָכדעם נאָך בעסער אָנקאָרמענען. (הויך.) יאָ, עס קומען ארײַן אויך גראפן.

מאריא אנטאָנאָוונא: אָסיפּ, דושעניר־הארצעניו, סארא מײַכלדיקן פּאָרעצל דו האָסט!

אנא אנדרייעוונא: אָבער דערצייל, אָסיפּ, זײַ אזוי גוט, ווי איז ער...

גאָראָדניטשי: איך בעט אײַך, הערט שוין אויף אמאָל! מיט אָט די פּוסטע רייד שטערט איר נאָר מיר... נו, זאָג, ליבער פרײַנט...

אנא אנדרייעוונא: און וואָס פארא ראנג האָט ער דײַן באלעבאָס?

אָסיפּ: נו, געוויינטלעך א וואָסערן...

באָראָדניטשי: אך, ליבער גאָט, איר וועט שוין גאָרניט אופהערן מיט אײַערע נארישע פראגעס! איר לאָזט דאָך ניט אויסריידן א וואָרט צו דער זאך. נו,

וואָס, ליבער פריַינט, ווי איז עפּעס דיַינ באַלעבאָס, א שטרענגער? וואָס? ער האָט ליב אַזוי צו דערלאַנגענ ביזנ ביינ אָדער ניט?

אָסיפּ: יאָ, ער האָט ליב אָרדענונג. בא אימ דאַרפ אַלצ זיַינ אפּגעבעסטנ אויפנ.

גאָראָדניטשי: אָט מיר געפעלט זייער דיַינ פּאָנעמ. ליבער פריַינט, דו דאַרפסט זיַינ, וויַיזט אויס, א גוטער מענטש. נו, וואָס...

אננא אנדרײעװנא: הער זיך איַינ, אָסיפּ, און ווי איז דיַינ באַלעבאָס דאָרטנ, ער גייט אַרומ אינ א מונדיר?

גאָראָדניטשי: אָבער גענוג איַיך שוינ, קאַלאַקאָטקעס, אָפּ מיַינ וואָרט. דאָ האַנדלט זיך וועגנ א וויכטיקער זאַך; עס גייט אינ א מענטשנס לעבנ... (צו אָסיפּנ.) נו, וואָס, מיַינ ליבער פריַינט, אָפּ מיַינ וואָרט, דו האָסט בא מיר גוואַלדיק אויסגענומענ. זעסטו, אונטערוועגנס שאַט ניט אַמאָל אויסצוטרינקענ אַנ איבעריקנ גלעזל טיי. ס'איז איצטער קילבלעך—איז אָט, נא דיר א פּאָר קאַרבנ אפּ טיי.

אָסיפּ: (נעמט צו דאָס געלט) א שיינעמ דאַנק, גנעדיקער הער. גאָט זאָל איַיך שענקענ געזונט. א געמיינער מענטש—איז גוט, אז מע העלפט אימ אַביסל אונטער.

גאָראָדניטשי: גוט, גוט. איך בינ אַליינ אויך צופרידנ. נו, וואָס, ליבער פריַינט...

אננא אנדרײעװנא: הער זיך איַינ, אָסיפּ, און וואָס פאַרא אויגנ געפעלנ מערער פונ אַלצ דיַינ באַלעבאָס?

מאַריא אנטאָנאָװנא: אָסיפּ, דושעניו, האַרצעניו, סאַרא זיסנ נעזעלע עס האָט דיַינ באַלעבאָס.

גאָראָדניטשי: אָבער הערט זשע אויפ, לאָזט מיר... (צו אָסיפּנ.) נו וואָס, ליבער פריַינט, זאָג מיר, זיַי אַזוי גוט, אָפּ וואָס קוקט דיַינ באַלעבאָס מער ווי אַלצ? דאָס הייסט, וואָס געפעלט אימ אונטערוועגנס בעסער?

אָסיפּ: ער האָט ליב אָט ווי אַמאָל, ווי ס'מאַכט זיך דאָרטנ... מערער פונ אַלצ האָט ער ליב, אז מע זאָל אימ גוט אויפנעמענ. אז מע זאָל דערלאַנגענ א פיַינעמ קיבעד.

גאָראָדניטשי: א פיַינעמ?

אָסיפּ: יאָ א פיַינעמ. וואָס דאַרפ ט'איר מער, אָט איך בינ א לײַב־אייגענער מענטש, איז קוקט ער אויך, עס זאָל מיר זיַינ גוט. אָפּ מיַינ וואָרט! עס טרעפט, אז מיר פאַרפאָרנ ערגעצ־ווו: „נו, וואָס, אָסיפּ, מענ האָט דיר עפּעס גוט צוגענומענ?"—„פּאַסקודנע, איַיער ווילגעבורט!" „ע, אָסיפּ", זאָגט ער, „דאָס איז ניט קיינ גוטער באַלעבאָס". דו, זאָגט ער, „דערמאָנ מיר אָקאָרשט, אז מיר וועלנ קומענ צו פאָרנ". „ע, טראַכט איך מיר (טוט א מאַך מיט דער האַנט) צו אַלדי גוטע יאָר! איך בינ מיר א פּראָסט מענטשל".

גאָראָדניטשי: שיינ, זייער שיינ. און דו רעדסט צו דער זאַך אויך. דאָרטנ האָב איך דיר געגעבנ אפּ טיי, איז אָט נא דיר כוצ דעמ נאָך אפּ בייגל.

אָסיפּ: צו וואָס שענקט איר מיר דאָס, איַיער ווילגעבורט? סיַידנ איך וועל שוינ נעמענ און אויסטרינקענ פאַר איַיער געזונט.

אנא אנדרייעוונא: קום אריַין, אָסיפּ, צו מיר, וועסטו אויך באקומען.
מאריא אנטאָנאָוונא: אָסיפּ, דושעניו־הארצעניו, טו א קוש דיַין פּאָרעצל.
(עס דערהערט זיך פונ צווייטנ צימער, ווי כלעסטאקאָוו גיט א הוסט).
גאָראָדניטשי: טשש... (הייבט זיך אופ אפ די שפּיצ פינגער. די גאנצע סצענע קומט פאָר האלב אינדערשטיל.) גאָט באהיט, איר זאָלט מיר דאָ טומלענ! גייט זיך אייַך! סע קלעקט...
אנא אנדרייעוונא: קום, מאשענקא! כ׳וועל דיר דערציילנ, וואָס כ׳האָב עפּעס באמערקט באם גאסט. דאָס קענ מענ נאָר זאָגנ אונטער פיר אויגנ.
גאָראָדניטשי: אי, וועט מענ זיך שוינ דאָרטנ אָנריידנ! איך מיינ, אז מע זאָל נאָר עפּעס אונטערהערנ, וועט מענ באלד מוזנ פארשטאָפּנ די אויערנ. (ווענדעט זיך צו אָסיפּנ.) נו, ליבער פריַינט...

## אופטריט 11.

די זעלביקע, דערזשימאָרדא אונ סוויסטונאָוו.

גאָראָדניטשי: טשש... סארא בערנ אומגעלומפּערטע אזעטיקע! זעצנ מיט די שטיוואלעס! אריַינגעוואליעט זיך, ווי מע וואָלט ערגעצ 40 פּוד אראָפּגעשליַידערט פונ א וואָגנ. ווו שלעפּט איר זיך ארום, צו אלדי שווארציאָר?
דערזשימאָרדא: לויט דעם באפעל בינ איך...
גאָראָדניטשי: טשש... (מאכט אים צו דאָס מויל.) האָט א קראקע געטאָנ ווי א וואָראָנע (קרימט אים איבער.) לויט דעם באפעל בינ איך!.. רעוועט ווי פונ א פוסטער פאס! (צו אָסיפּנ.) נו, ליבער פריַינט, דו גיי זיך דיר, גרייט אלצ צו, וואָס דיַינ באלעבאָס דארפ האָבנ, וואָס נאָר דו זעסט דאָ אינ שטוב—פאָדער. (אָסיפּ גייט אָפּ.) אונ איר—שטעלט זיך אוועק אפנ גאניק אונ טרעט ניט אָפּ פונ אָרט! איר זאָלט מיר ניט אריַינלאָזנ קיינעם קיינ זיַיטיקנ אינ שטוב, דעריקער די סאָכרים. אויב איר וועט כאָטש איינעם פונ זיי אריַינלאָזנ, איז... וויבאלד איר וועט דערזענ, אז עמעצער גייט מיט א פּאפּיר אונ זאָל זיַינ כאָטש אָנ א פּאפּיר, נאָר ער כאפּט דעם אָנבליק פונ א מענטשנ, וואָס וויל אָנגעבנ אפ מיר א פּאפּיר, איז גליַיך דערלאנגענ אינ האלדז אונ נאקנ, אזוי ווי געהעריק איז! (באוויַיזט מיטנ פוס.) איר הערט? טשש... טש.
(גייט ארויס אפ די שפּיצ פינגער באלד נאָך די קווארטאלנע).

יידיש—מ. קולבאק.

# פאַר באָלשעוויסטישער וואַכזאַמקייט

דער פאַרגעקומענער פּלענום פון צק אלקפּ(ב), דער פּאָרטראַג און שלוסוואָרט פון דעם כאַווער סטאַלין, וואָס זײַנען געהאַלטן געוואָרן אויפן פּלענום, טראָגן אַרײַן אין דער געשיכטע פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, אינעם פּאָליטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן פון לאַנד אַ היסטאָרישן ווענד־פּונקט.

מיט אַן אויסשליסלעכער טיפקייט און קאָנסעקווענטקייט דעקט אויף דער כאַווער סטאַלין די פעלערן און פאַרקריפּלונגען, וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט, אין דער אָדער יענער מאָס, קימאַט אין אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, סײַ ווירטשאַפטלעכע, אַזוי אויך אַדמיניסטראַטיווע און פּאַרטיייִשע. דער כאַווער סטאַלין באַוואָפנט די פּאַרטיי, יעטווידער פּאַרטיייִשן און ניט פּאַרטיייִשן באָלשעוויק מיטן שאַרפסטן געווער פון קאַמף קעגן די דערלאָזענע פעלערן, רוקט אַרויס די נײַע פּאָליטישע לאָזונגען אויפן איצטיקן עטאַפּ, ווײַזט אָן די מיטלען ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן זיי אין לעבן.

דער כאַווער סטאַלין ווענדט אונדזער אויפמערקזאַמקייט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע פון ססר, וואָס מיר טאָרן קיינמאָל ניט פאַרגעסן—דאָס איז די קאַפּיטאַליסטישע אַרומרינגלונג פון סאָוועטנפאַרבאַנד, דער קאַמף צווישן צוויי וועלטן, צווישן די צוויי עקזיסטירנדיקע סאָציאַל־פּאָליטישע, קעגנזעצלעכע סיסטעמען. פון דער דאָזיקער לאַגע דרינגט אַרויס דער אָנזעפּעקדיקער פאַקט, וואָס די בורזשואַזע מעלוכעס שיקן אַרײַן אינעם טיל פון אונדזער היימלאַנד שפּיאָנען, דיווערסאַנטן און מערדער, צווישן וועלכע די טראָצקיסטיש־פאַשיסטישע באַנדיטן, וועלכע עטעמען מיט אַ כאַיִשער סינע צום סאָוועטנפאַרבאַנד און צו די ברייטע פּאָלקס־מאַסן, שפּילן די אַקטיווסטע ראָל. וואָרום דער טראָצקיזם—זאָגט דער כאַווער סטאַלין—האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זײַן אַ פּאָליטישע שטרעמונג אינעם אַרבעטער־קלאַס. פון אַ פּאָליטישער שטרעמונג אינעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס דער טראָצקיזם איז געווען מיט 7־8 יאָר צוריק, האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ צעיושעטער און פּרינציפּלאָזער באַנדע שעדיקער, דיווערסאַנטן, שפּיאָנען און מערדער, וועלכע פירן אויס די אויפגאַבעס פון די אָכראַנקעס פון די אויסלענדישע מעלוכעס.

דאָס פאַרגעסן די דאָזיקע פאַקטן איז מעגלעך געווען בלויז אין אַן אַטמאָספער פון זעלבסטבאַרויִקונג און זעלבסטצופרידנקייט, פון פאַרכאַפּן זיך בלויז מיט ווירטשאַפטלעכע פראַגן און מיט פּײַערלעכן טומל אַרום די דערגרייכטע דערפאָלגן, אין אַן אַטמאָספער פון איגנאָרירן דעם פּאָליטישן צוגאַנג צו מענטשן און דערשײַנונגען און פון פאַרלירן די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן־וואַכזאַמקייט.

די דאָזיקע מאָמענטנ האָבנ א דירעקטע שײַכעס אויכ צומ ליטעראטור־געביט, צו דער שרײַבער־אָרגאניזאציע אונ צו דער ליטעראַרישער פעריאָדיק. אויכ אינ דער שרײַבער־אָרגאניזאציע פונ ווײַסרוסלאנד, אינ דער ייִדישער סעקציע אונ אינעמ זשורנאל „שטערנ“ האָבנ געהאט אנ אָרט פאָליטישע בלינדקײַט, פוילע זעלבסטצופרידנקײַט אונ די קרענק פונ זעלבסטבארויִקונג, וואָס האָבנ געגעבנ א מעגלעכקײַט טראָצקיסטישע אונ נאציִאָנאליסטישע אויסוואורפנ, פאשיסטישע אגענטנ אונ שעדיקער צו דורכקריכנ אינ אונדזערע רייענ אונ דורכפירנ זייערע ברוטאלע פארברעכנס.

מיט וואָס, אויב ניט מיט אונדזער אָפגעטעמפטער קלאסנ־וואכזאמקײַט, קענ מענ דערקלערנ די פאקטנ, וואָס אינ דער ייִדישער ליטעראטור פונ ווײַסרוסלאנד האָט א לאנגע צײַט אָרודעוועט דער סוינע פונ פאָלק, דער פאראכטער טראָצקיסט אונ נאציִאָנאליסט דונעצ; עס האָט זיכ דורכגעשמוגלט אונטער דער מאסקע פונ א פאָליטישנ עמיגראנט דער טראָצקיסטישער מענוואל זיסקינד לעוו; עס האָט פארשפרייט קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע טראָצקיסטיש־נאציִאָנאליסטישע קאָנטראבאנדע דער סוינע פונ פאָלק—עריק.

מיט וואָס, אויב ניט מיט פאָליטישער בלינדקײַט מיצאד דער אָנפירונג פונ שרײַבער־פארבאנד, קענ מענ דערקלערנ די טרויעריקע פאקטנ, וואָס אינ דער שרײַבער־אָרגאניזאציע פונ ווסםר האָט אינ משך פונ אסאכ יאָרנ געמאכט זיכ א נעסט די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע אָרדע ווײַסרוסישע נאצדעמענ, צווישנ וועלכע עס זײַנענ געווענ טישקא הארטני, זארעצקי, סטאשעווסקי, וואָלני, דודאר א. אנד.

אינ 1935 י. איז געווענ א ספעציִעלער פלענומ פונ שרײַבער־פארבאנד אינ ווסםר, געווידמעט דעמ איניענ פונ נאציִאָנאליסטישער אונ טראָצקיסטישער קאָנטראבאנדע אינ דער ווײַסרוסישער אונ ייִדישער ליטעראטור. צו יענער צײַט זײַנענ שוינ בוילעט אופגעדעקט געוואָרנ דונעצס טראָצקיסטישע אונ נאציִאָנאליסטישע מײַסימ אינ דער ליטעראטור, עס זײַנענ געווענ וועגנ דעמ איניענ קלאָרע באשטימונגענ פונ צק קפ(ב)וו אונ מינסקער שטאָטקאָמ. אפנ פלענומ זײַנענ אָבער די פאָרטרעגער (די כ״כ קלימקאָוויטש, בראָנשטיינ, דאמעסעק) צוגעגאנגענ צו דעמ איניענ מיט ליבעראלער ווייכלײַביקײַט. מע האָט גערעדט וועגנ דונעצס טראָצקיסטישער נאציִאָנאליסטישער קאָנטראבאנדע, מע האָט אָבער ניט געמאכט קיינ קאָנסעקווענטע באָלשעוויסטישע אויספירנ פונ דעמ, אינדערצײַט, ווענ מע האָט געדארפט זאָגנ קלאָר אונ אָפנ, אז מיר האָבנ דאָ צוטאָנ מיט א קאָנטער־רעוואָליוציִאָנער־טראָצקיסט, מיט א סוינע פונ פאָלק. דונעצ איז אויכ א לאנגע צײַט נאָכ דעמ פארבליבנ א מיטגליד פונ שרײַבער־פארבאנד.

די רעדאקציע „שטערנ“, אָפדרוקנדיק דעמ פאָרטראג פונ כאווער דאמעסעק אפנ פלענומ (נומ. 5־6 פארנ 1935 י.), האָט אינ דעמ איניענ ארויסגעוויזנ פאָליטישע בלינדקײַט.

ערשט אינ נומ. 10 פונ 1936 י. איז אינ „שטערנ“ געגעבנ געוואָרנ א ריכטיקע פאָליטישע קוואליפיקאציע פונ דונעצס קלאסנ־פײַנטלעכע שרײַבעכצנ. נאָר וועגנ דעמ האָט ווידעראמאָל געשריבנ בלויז דער זעלבער אווטאָר (דאמעסעק).

די רעדאקציע פונ „שטערנ“ גופע האָט זיכ ניט זעלבסטקריטיקירט, האָט פונ אייגענעמ נאָמענ ניט געגעבנ קיינ ארטיקלענ וועגנ דעמ איניענ. אויכ די כ״כ כאריק,

אָשעראָוויטש, בראָנשטײן, וועלכע האָבן א לאַנגע צײַט געאַרבעט צוזאַמען מיט דונעצן און אפילע אין יענער צײַט געהאַט לויבנדיקע אַרויסטרעטונגען וועגן זײַנע אַרבעט, זײַנען געווען פאָליט־רעדאַקטאָרן פון א ריי ביכער זײַנע (בראָנשטײן, אָשעראָוויטש), האָבן ביז איצט נאָך ניט דעמאַסקירט דורך דער פּרעסע דונעצס קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע „ביכער". און דער דאָזיקער פּאַראַכטער פײַנט פון פאָלק איז דאָך געווען אוזורפּאַטאָריש טעטיק און געשעדיקט אַף די פאַרשיידענע געביטן. אומנוצנדיק דעם בלינדן צוטרוי צו אים, האָט ער אַרויסגעוואָרפן אַפן ביכער־מאַרק צו 2־3 ביכער א יאָר. אין יעדערן פון זיי האָט געשוויבלט מיט קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער קאָנטראַבאַנדע: אין די ביכער וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט ער פאַרנומען א פּאָזיציע פון גרויסהערשערישן שאָוויניזם, אין די ביכער וועגן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן און ליטעראַטור־קריטיק האָבן זיך בא אים געפּאָרט קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער טראָצקיזם, בונדיסטישע, מענשעוויסטישע און נאַציאָנאַליסטישע קאָנטראַבאַנדע. עס איז פּאָשעט ניט דערלאָזבאַר, וואָס די דאָזיקע שעדלעכע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע פּאַטשקערײַ איז נאָך ביז הײַנט ניט דעמאַסקירט געוואָרן אין דער פולסטער מאָס. דאָס דאַרף געטאָן ווערן וואָס גיכער.

די זעלבע פּאָליטישע בלינדקײַט האָט געהאַט אָן אָרט אין „שטערן", ווען שוין נאָך דעם, ווי עס איז אויפגעדעקט געוואָרן דער טראָצקיסטישער טאָך פון זיסקינד לעווס ביכער, איז אין „שטערן" פון 1935 י. ווידער געדרוקט געווען זײַנע צוויי דערציילונגען. די רעדאַקציע האָט דאָ פּאַקטיש ניט צוגעהערט זיך צו די בולעטע סיגנאַלן, וואָס זײַנען שוין געגעבן געוואָרן, געגלויבט דעם פּאַרעטער אַפן וואָרט און געדרוקט אים. אָבער באָלשעוויקעס דאַרפן זײַן וואַכזאַמע, זיי טאָרן קײנמאָל ניט פאַרגעסן וועגן קלאַסן־וואַכזאַמקײַט. עס דאַרף אויך אָנגעוויזן ווערן, אַז די צוויי דערציילונגען, וואָס מיר האָבן געדרוקט, זײַנען אַזעלכע, וואָס נאָך פאַרבלענדעטע האָבן ניט געקענט באַמערקן אין זיי די אַבאַניע־אָנשטרענגונגען פון עם קלאַסן־סוינע צו פאַרמאַסקירן זיך און פּרוּוון אַרופּשלעפּן אַף זיך א שלייער פון קלוימערשט א רעוואָליוציאָנערן שרײַבער. דער „שטערן" האָט שוין לאַנג געדאַרפט אויפדעקן און דעמאַסקירן די דאָזיקע שרײַבערײַ. בא א געהעריקער פּאָליטישער וואַכזאַמקײַט וואָלטן מיר געקענט דערזען דעם עקלהאַפטן קאָנטר-רעוואָליוציאָנערן טראָצקיסטישן פּאַרצעף פון זיסקינד לעוו. אין זײַן בוך „פּוילן א שעכטהויז" פּראָוועט ער שענדלעכע רעכילעס אַף קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן אין פּוילן, אַז ווי נאָר זיי פאַלן אַרײַן אין דעפענזיווע גיבן זיי זיך אונטער און גיבן אַרויס די כאַוויירים. דאָס איז א נידערטרעכטיקע באַרעכטיקונג פון פּראָוואָקאַטאָרן און שעדלעכע רעכילעס אַף די העלדן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, וואָס באַגעגענען מיט באָלשעוויסטישער פעסטקײַט די אומענטשלעכסטע יִסורים פון דעפענזיווע און טפיסעס און בלײַבן געטרײַ זייער קלאַס און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין זײַן בוך „פּראָלעטן פון בערלין" פּריידיקט דער טראָצקיסטיש־פּאַשיסטישער אַגענט זיסקינד לעוו צווייפּענעמדיקײַט און אידעאַליזירט פּאַשיסטישע פּראָוואָקאַטאָרן. אין זײַן בוך „פיר מענטשן זוכן די רעוואָליוציע" שלעפּט ער דורך טראָצקיסטישע קאָנטראַבאַנדע וועגן דער פעוורואַלער רעוואָליוציע.

אין דער ביז איצטיקער אַרבעט פון „שטערן" זײַנען געווען אויך א ריי אַנדערע

פעלערנ אונ דורכרײַסנ. מיר האָבנ דורכגעלאָזנ אונ ניט געשטעלט פאר דער ייִדישער ליטעראטור א רײ פראגנ, וואָס זײַנענ אופגעהויבנ געוואָרנ אפ א פרינציפיעלער פּאָליטיש־קינסטלערישער הויך דורך דער „פראוודא“. אזוי איז, אשטייגער, פארשוויגנ געוואָרנ די פראגע פונ קאמפ קעגנ פאָרמאליזמ אונ נאטוראליזמ. דער „שטערנ“ האָט זיך דאָ באנוגנט מיט דער מונדלעכער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומענ אפ די פארזאמלונגענ פונ די מינסקער ייִדישע שרײַבער. אָבער טאקע אָט די פארזאמלונגענ האָבנ געוויזנ ווי אקטועל עס זײַנענ די דאָזיקע פראגנ אינ דער ייִדישער ליטעראטור.

א פעלער איז אויך, וואָס דער „שטערנ“ האָט ניט אָפּגעשפיגלט די פראגנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט דער באשטימונג פונ קאָמיטעט איבער קונסט־איניאָנימ באמ ראטספאָלקאָמ פּססר וועגנ דעמיאנ בעדניס „באָגאטירי“. צי האָבנ מיר ניט געהאט אינ דער ייִדישער ליטעראטור קיינ אנאלאָגישע דערשײַנונגענ פונ ניהיליסטישער אונ וולגאר־פאלסיפיצירנדיקער באציִונג צומ פאָלק־שאפנ, צו פראגנ פונ ייִדישער געשיכטע. אינ דער זעלבער צײַט האָבנ די בונדיסטישע אונ ציִאָניסטישע נאָכשלעפּער זיך געסטארעט צו שטעלנ א גלײַך־צייכנ צווישנ עמעסנ פאָלק־שאפנ אונ באלעגופיש־קלעריקאלנ „פאָלקלאָר“. די טראָצקיסטישע שפּליטערס האָבנ אינגאנצנ אָפּגעלייקנט די פראגע פונ יערושע אינ דער ייִדישער ליטעראטור (דונעצ, עריקס אונ לעוויטאנס שעדלעכע איבונגענ אינ דער דאָזיקער פראגע).

דעמ כאוורער סטאלינס פאָרטראג אונ שלוס־וואָרט אפנ פלענומ איז א ברייטע פּראָגראמ פונ שעפערישער אונ פּאָליטיש־אָרגאניזאציִאָנעלער ארבעט פאר דער סאָוועטישער ליטעראטור, פאר יעדנ שרײַבער באזונדער אונ פאר דער ליטעראַרישער פעריִאָדיק.

דער כאווער סטאלינ לערנט אונדז, וויִאזוי צו באקעמפנ די פעלערנ אינ דער ארבעט, עפנט אונדז די אויגנ אפ די וויכטיקסטע ענדערונגענ אינעמ פּאָליטישנ אונווירטשאפטלעכנ לעבנ פונ לאנד אונ אינ דער אינטערנאציִאָנאלער לאגע. עס איז אומעגלעך, אז א סאָוועטישער שרײַבער, וועלכער נעמט זיך צו שילדערנ די אָדער יענע זײַטנ פונ דער ווירקלעכקײַט, זאָל דערבײַ ניט דערלערנענ כאווער סטאלינס פּאָליטישנ אנאליז פונ די היסטאָרישע פּראָצעסנ, זײַנע געניִאלע אָנווײַזונגענ וועגנ דעמ, וויִאזוי צו דערקענענ מענטשנ, וויִאזוי צו דערציִענ קאדרענ, וויִאזוי זײַנ פארבונדנ מיט די מאסנ, וועגנ דער ראָל פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, פונ יעטווידער פארטייִשנ אונ ניט פארטייִשנ באָלשעוויק.

די שרײַבער־אָרגאניזאציע מוז שאפנ א שעפערישע אטמאָספער אינ דער שרײַבער־סוויווע, פארענדיקנ מיט דער פארהרוזנעטקײַט אינ שטײגערישע קלייניקײַטנ אונ מיטנ פארנעמענ זיך מיט אָרגאניזאציִאָנעלנ סומל אונ פלאפלערײַ. עס איז נייטיק אוועקשטעלנ ווי געהעריק די פּאָליטישע דערציִונג פונ די שרײַבער, דאָס דערלערנענ דעמ מארקסיזמ־לעניניזמ, כאווער סטאלינס ווערק. עס איז נייטיק שאפנ אלע מעגלעכקײַטנ, מאָביליזירנ אונ מיטהעלפנ די סאָוועטישע שרײַבער, קעדיי יעדער איינער פונ זיי זאָל באגעגענענ דעמ 20־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע מיט וויכטיקע קינסטלערישע ווערק.

פארנ „שטערנ“ שטייט שארפ די פראגע וועגנ דער ארבעט מיט די יונגע קאדרענ,

וואָס גייען אינ דער ייִדישער ליטעראטור, אוועקשטעלנ אנ ערנסטע ליטעראַרישע קאָנסולטאציע פאר די אָנפאנגער.

דער „שטערנ" מוז זיכ ענגער פארבינדנ מיט די לייענער־מאסנ, ארויסגייִנ פונ די ענגע חענט פונ רעדאקציע אפ דער פאבריק, אינ קאָלווירט, אָפגעבנ באריכטנ פונ רעדאקציע פאר גרויסע לייענער־מאסנ, אופנעמענ זייער קריטיק אונ פאָדערונגענ.

די גאנצע ענערגיע אונ אופמערקזאמקײַט דארפ איצט געווענדעט ווערנ אפ דער צוגרייטונג צו דער גראנדיִעזער היסטאָרישער דאטע—צומ 20־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. צוזאמענ מיטנ שרײַבער־פארבאנד אונ דעמ פארלאג־וועזנ דארפ דער „שטערנ" סטימולירנ די קאדרענ ייִדישע שרײַבער אפ באגעגענענ די דאָזיקע דאטע מיט הויכ־קוואליטאטיווע, אקטועלע אונ פאָליטיש־פארשארפטע ווערק. מיר מוזנ קומענ צומ 20־טנ יאָרטאָג מיט הויכ־קינסטלערישע ווערק וועגנ דער ראָל פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אינעמ לעבנ פונ ייִדישנ פאָלק, מיט מאָנומענטאלע שאפונגענ וועגנ אונדזערע פירער לענינ אונ סטאלינ, וועגנ דער לעניניש־סטאלינישער נאציִאָנאלער פאָליטיק, וועגנ בירגערקריג אונ רויטער ארמיי, וועגנ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, וועגנ די נײַע העלדנ פונ אונדזער צײַט—די סטאכאנאָווצעס, וועגנ דער אינטערנאציִאָנעלער פרײַנטשאפט פונ די פעלקער אינ סאָוועטנפארבאנד, וועגנ בירעבידזשאנ. ברייט דארפנ פאָרגעשטעלט ווערנ אלע געביטנ אונ זשאנרענ פונעמ ליטעראַרישנ שאפנ. מיר דארפנ אָנווענדנ דעמ קאָלעקטיווינ מעטאָד פונ שאפנ, וועלכנ עס האָט אזוי הייס רעקאָמענדירט דער אומפארגעסלעכער אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי אונ וואָס האָט שוינ אינ דער רוסישער אונ ווײַסרוסישער ליטעראטור געגעבנ גלענצנדיקע רעזולטאטנ.

וואָס מער פארשטארקנ אונדזער באָלשעוויסטישע וואכזאמקײַט אינ קאמפ קעגנ די טראָצקיסטיש־פאשיסטישע מענוואָלים, קעגנ דער אגענטור פונ די רעכטע קאָנטעררעוואָליוציאָנערע בוכארינישע אָפשפליטערס, פארשטארקנ דעמ קאמפ קעגנ בורזשואזנ נאציִאָנאליזמ.

מיר דארפנ דורכדרינגענ אונדזער גאנצע ארבעט מיט באָלשעוויסטישער פרינציפיעלקײַט אונ וואכזאמקײַט, מיטנ גײַסט פונ פראָלעטארישנ אינטערנאציִאָנאליזמ.

ס. ראָכקינד

# צו דער פראבלעמ פונ איבערזעצנ פושקינענ אינ ייִדיש

וואָס גענויִאלער עס איז דער שרייַבער, אלצ שווערער איז די אופגאבע פונ דעמ איבערזעצער. פושקינ איז ניט נאָר א גענויִאלער קינסטלער פונ וואָרט, א ווונדערבארער מייַסטער פונ פערז, וועמעס פאָעזיע איז, לויט דער גלענצנדיקער אָפּשאצונג פונ בעלינסקי, „מוזיק אינ פערזנ אונ סקולפּטור אינ פאָעזיע". פושקינ איז איינער פונ די גרויסע דענקער פונ זייַנ צייַט, אנ אויסדריקער פונ באשטימטע פאָליטיש־געזעלשאפטלעכע שטרעמונגענ. ער האָט אינ זייַנ שאפנ אָפּגעשפּיגלט א גרויסע עפּאָכע פונ געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. אינ זייַנע ווערק האָט ער אופגעהויבנ א גאנצע ריי סאָציִאלע אונ פילאָסאָפישע פראָבלעמעס. דאָס אלצ שטעלט גרויסע פאָדערונגענ צומ איבערזעצער. דער איבערזעצער פונ פושקינס ווערק דארפ זייַנ א גרויסער מייַסטער פונ וואָרט, ער דארפ גוט פארשטייַנ פושקינס שאפונג, זייַנ באקאנט מיט דער קריטישער ליטעראטור וועגנ פושקינענ, ער דארפ זיכ דורכדרינגענ מיט דער אידייע פונעמ ווערק, וואָס ער זעצט איבער. ער דארפ באנעמענ די כאראקטעריסטישע אייגנשאפטנ פונ פושקינס שפראכ אונ קינסטלערישע מיטלענ. באמ איבערזעצנ א קינסטלעריש ווערק איז ניט גענוג איבערגעבנ דעמ אינהאלט דורכ אנטשפּרעכיקע ווערטער, עס איז נייטיק איבערגעבנ דעמ סטיל, ריטמ, סינטאקס, וואָרט־אינסטרומענטירונג אונ אָפטמאָל אפילע די אָפּשטעל־צייכנס פונ אָריגינאל. די דאָזיקע אלע קאָמפּאָנענטנ זייַנענ ענג פארבונדנ מיטנ אינהאלט פונ פאָעטישנ ווערק. דאָס ניט צונויפאלנ פונ א וועלכער ניט איז אומבאדייַטנדיקער גראמאטישער קאטעגאָריע ענדערט אָפטמאָל דעמ אינהאלט פונ גאנצנ ווערק. דעמ איבערזעצער קומט דעריבער אויס לייזנ א גאנצע ריי קאָמפּליצירטע פראָבלעמעס פונ וואָרט־אָפּקלייַב, אָרגאניזאציע פונ וואָרט־מאטעריאל, פאָעטישנ סינטאקס.

מיר ווילנ זיכ דאָ אָפּשטעלנ אפ אייניקע פראָבלעמעס פונ איבערזעצנ פושקינענ אינ ייִדיש. מיר באטראכטנ דאָ די איבערזעצונגענ פונ אייניקע פושקינס פאָעטישע ווערק, וואָס זייַנענ געווענ געדרוקט פארנ לעצטנ יאָר אינ אונדזערע זשורנאלנ אונ צייַטונגענ.

---

די גרעסטע מערהייַט איבערזעצונגענ זייַנענ געמאכט פונ אזעלכע דיכטער, ווי: האָפּשטיינ, פיניננבערג, האלקינ, כאשטשעוואצקי, רעזניק א. אנד.

דאָס זײַנען די ערשטע ערנסטע פּרוּוון איבערזעצן פּושקינען אין ייִדיש. איינציקע פּרוּוון איבערזעצן פּושקינען זײַנען געווען אויך פריִער (נאָך פאר דער רעוואָליוציע). די איבערזעצער פלעגן זיך אָבער באַגיין גאַנץ פרײַ מיט פּושקינס טעקסט. מע פלעגט פאַרקריפּלען דעם אינהאַלט, איבערשטעלן זאַצן, צוגעבן און אַרויסוואַרפן ווערטער, אויסדריקן, זאַצן און גאַנצע סטראָפעס אָן שום נויטווענדיקייט. מע פלעגט שטרעבן פאַרייִדישן די איבערזעצונגען, אַרײַנברענגען אין פּושקינס טעקסט ספּעציפיש־ייִדישלעכע ווערטער און אויסדריקן ווי „וואָס שווײַגט דאָ פון סימכע דער קאָל", „גיסט פולער די קויסעס" („באַכוס-ליד", איבערז. נײַדוס), „ווי די טישרע־בלעטער פליִען" („שיידים", איבערז. לאַפּין, ניו־יאָרק 1919), א. אַנד. אַפילע די מער בעסערע פון די פריִערדיקע איבערזעצונגען וואָלטן ניט געקענט באַפרידיקן אונדזער סאָוועטישן לייענער. אונדזער עפּאָכע פאָדערט פון אַן איבערזעצונג מאַקסימאַלע פּינקטלעכקייט, קימאַט דאָקומענטאַלקייט. די דאָזיקע פאָדערונג ווערט געשטעלט ניט נאָר צו פּאָליטישע ווערק, נאָר אויך צו קינסטלערישע. יעדע ווילקירלעכע אָפּנייגונג פון אויטאָרס טעקסט ווערט מיצאַד אונדזערע לייענער־מאַסן אָנגענומען ווי א פאַרברעכן.

איינער פון די פּאָזיטיווע שטריכן פון אונדזערע איבערזעצונגען איז די טרײַקייט צום אָריגינאַל, די שטרעבונג וואָס פּינקטלעכער איבערגעבן די אייגנשאַפטן פון פּושקינס טעקסט. כאָטש ניט אומעטום גיט זיך עס אײַן אין א גלײַכער מאָס. די איבערזעצונגען שיידן זיך שטאַרק אונטער סײַ לויט די פּרינציפּן און מעטאָדן, וואָס דער אָדער יענער איבערזעצער ווענדט אָן, סײַ לויט דער קוואַליטעט—דער קינסטלערישער הויך פון דער איבערזעצונג.

פון די גרעסערע פּאָעטישע ווערק זײַנען באַזונדערס געלונגענע איבערגעזעצט די דראַמעס (מיר האָבן דאָ די מעגלעכקייט ריידן וועגן דרײַ דראַמעס: „רוסאַלקאַ", „א מאָלצײַט אין צײַט פון פּעסט" איבערז. פונעם כ׳ האָפּשטיין, „באָריס גאָדונאָוו" איבערז. כ׳ ל. רעזניק). די כ״כ האָט זיך אײַנגעגעבן ניט נאָר איבערגעבן דעם אינהאַלט פון די דראַמעס—די איבערזעצונגען זײַנען קימאַט וואָרטלעכע,—נאָר אויך די אייגנאַרטיקייט פון סטיל און ריטם. מיט איבערגעבן דעם ריטם און אינטאָנאַציע צייכנט זיך באַזונדער אויס די דראַמע „רוסאַלקאַ".

די דראַמע „רוסאַלקאַ" איז אָנגעשריבן אין א זאַפטיקער פאָלקס־שפּראַך. דאָ זײַנען א מאַסע סטיליזאַציעס פון רוסישע פאָלקס־לידער, באַזונדערס די כאַסענע־לידער. פאַרן איבערזעצער שטייט דאָ א געפאַר פון פאַרייִדישן די איבערזעצונג, וואָס פלעגט טרעפן ניט זעלטן אין דער פּראַקטיק פון איבערזעצונגען. די דאָזיקע געפאַר האָט דער כ׳ האָפּשטיין אויסגעמיטן (אויב ניט רעכענען דעם ניט געלונגענעם וואָרט „באַדכנדל" אין דער רוסישער כאַסענע־ליד). די פאָלקס־לידער זײַנען זייער געלונגען איבערגעזעצט. אין דער איבערזעצונג זײַנען אויך פאַרהיט געוואָרן די רוסישע אויסדריקן, באַפליגלטע ווערטער.

ס׳איז אויך געלונגען איבערגעזעצט די דראַמע „באָריס גאָדונאָוו". אין דער דראַמע „באָריס גאָדונאָוו" שטויסט זיך אָן דער איבערזעצער אָפּ א ריי לעקסישע שוועריקייטן. אין דער שפּראַך פון „באָריס גאָדונאָוו" פלעכטן זיך איבער פאַרשיידענע שפּראַך־סטיכיעס: די ליטעראַטור-שפּראַך פון יענער צײַט, דער קירכ־סלאַווישער עלעמענט, וואָס ווערט אויסגענוצט אין דער דראַמע אַלס מיטל פון סטיליזירן

די אלט־רוסישע שפּראַך, אַפּ איבערגעבן דעם קאָלאָריט פון דער עפּאָכע, וואָס ווערט געשילדערט, אַפּ צוגעבן דעם ווערק דעם טאָן פון „היסטאָרישער פאָלקישקייט" און די פאָלקס־שפּראַך. יעדער פּערסאָנאַזש האָט זיך זיינע . שפּראַך־אייגנטימלעכקייטן. דעם כ׳ רעזניק האָט זיך איינגעגעבן איבערגעבן די אלע שפּראַך־ליניעס, אין דער איבערזעצונג איז איינגעהיט די שפּראַך פון די פּערסאָנאַזשן. דער כ׳ רעזניק נוצט דערביי אויס פאַרשיידענע מיטלען. ער ברענגט אריין ווערטער פון אלט־יידיש, העברייזמען. אגעוו, מיסברויכט ניט דער כ׳ רעזניק מיט אזעלכע ווערטער. איינער — צוויי פּאסיקע אויסדריקן גיבן שוין צו דעם טאָן פון ארכאישקייט. אָט זיינען איי־ניקע ביישפּילן:

„דו, פאָטער פּאַטריאַרך, און איר, באָיארן,
אנטפּלעקט איז היינט פאַר אלע אייך מיין האַרץ!
איר האָט געזען, אז איך נעם אָן די מאַכט
די גרויסע מיט האַכנאָע און מיט פּאַכד".

פאַרג. מיטן אָריגינאַל:

„Ты отче патриарх, вы все, бояре,
Обнажена моя душа пред вами!
Вы видели, что я приемлю власть
Великую со страхом и смиреньем".

„ס'האָט גאָט מיר דאַן שוין
געלייטזעליקט די נישטיקייט פאַרשטיין
פון וועלטלעכע האַוואָלים".

„Тогда уже и меня
Сподобил бог уразуметь ничтожность
Мирских сует".

דעם כ׳ רעזניק האָט זיך אויך זייער גוט איינגעגעבן דער פאָלקסטימלעכער עלעמענט. זייער געלונגען איז איבערגעזעצט די שפּראַך פון וואַרלאַאמען, וואָס איז איבערגעפלאָכטן מיט פאָלקס־ווערטלעך, ווי פיין און גלייכצייטיק פּינקטלעך עס זיינען אין יידיש די ווערטלעך:

„לאָמיר נעמען א קליינינקע פאַר אונדזער שענקערן דער שיינינקער".
„Выпьём чарочку за нашу шинкарочку„. (פר.

„ווען איך טרינק מיט גוטע פריינט האָב איך ניכטערע פיינט".
„Когда я пью так трезвых не люблю".

„אַן אנדער זאַך איז טרינקען א פולע גלאָז, אַן אנדערע — האָבן פליי אין נאָז".
„Ино дело пьянство, а иное чванство". א. אנד.

מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקייט ברענגען א גרעסערע צאָל ביישפּילן פון געלונ־גענע איבערזעצונגען פון באַזונדערע ווערטער און אויסדריקן. דאָ זיינען פאַראַן אַסאַך אופּטועס און דערגרייכונגען. אָבער ניט אלע מעטאָדן פון איבערזעצן פּוש־קינס לעקסיק, וואָס די כ״כ ווענדן אָן, זיינען באַרעכטיקט. פאַראַן אין די איבער־

זעצונגען א היפש ביסל ניט געלונגענע ווערטער. באזונדערס איז עס שייעכ צו דער היסטאָרישער לעקסיק.

---

„שפראכ איז ניט פּאָשעט קלאנגלעכקייט, נאָכ אויכ דענקען און ניט נאָר דענקען אליינ, נאָר אנ אָנזאמלונג פונ איבערבייטונגען (смены) פונ דענקען, פונ איבערבייטונגען פונ וועלט־אָנשויונג" (מאר). יעדע שפראכ פארמאָגט אזעלכע ווערטער און אויסדריקנ, וואָס זיינען אייגנטימלעכ נאָר דער געגעבענער שפראכ, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם לעבנ־שטייגער פונ דער נאציע, די באזונדערהייטנ פונ אירע עקאָנאָמישע און קולטור־רעלע באדינגונגען, פונ איר היסטאָרישער אנטוויקלונג. אָטאָ די אָנגעזאמלטע פלאסטנ ווערטער און אויסדריקנ שטעלנ מיט זיכ פאָר א באזונדער שוועריקייט באַם איבערזעצנ. ניט שטענדיק קענ מענ פאר די דאָזיקע ווערטער געפינען עקוויוואלענטנ אינ דער איבערזעצונג־שפראכ. מע קענ זיי בלויז אויסטייטשנ דורכ די מיטלענ פונ אנ אנדער שפראכ. אינ פּושקינס פּאָעזיע, וואָס איז ענג פארבונדנ מיטנ קאָנקרעטנ לעבנשטייגער, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם רוסישנ לעבנ פונ יענער עפּאָכע, זיינען נאטירלעכ פאראנ א מאסע אזעלכע אויסדריקנ, וואָס באצייכענען דערשיינונגען פונ דעמלטיקנ לעבנשטייגער און פונ דער סאָציאַלער אָרדענונג פונ דעמלטיקנ רוסלאנד. די דאָזיקע ווערטער זיינען אינ רוסיש איצט אויכ ארכאיזמען. פאר אזעלכע ארכאיזמען קומט אָבער אָפט אינ ייִדיש אויס שאפנ ניי־בילדונגען. אינ אונדזערע איבערזעצונגען מערקנ זיכ אָנ פארשיידענע מעטאָדנ פונ איבערזעצנ די דאָזיקע ווערטער: מע לאָזט איבער דעם רוסישנ וואָרט, מע גיט אנ אויסטייטשונג פונ וואָרט, מע פארבייט אים אָפּ א ייִדישנ, מע שאפט א ניי־בילדונג. אינעם קאָנטעקסט פונ דער איבערזעצונג איז דער אָדער יענער מעטאָד ניט שטענדיק צוגעפּאסט. אָט זיינען אייניקע ביישפּילנ פונ דער דראמע „באָריס גאָדונאָוו", ווו דאָס רוסישע וואָרט ווערט איבערגעלאָזט אינ דער איבערזעצונג:

„די ב א ר מ ע ס *) נעמט, די קרוינ פונ מאָנאָמאכ".

„бармы" באטייט די קליידער פונ קייסער.

„איכ וועל די הייכע ס כ י מ ע אָפּ זיכ נעמענ".

(схима—א מאָנאכנ־טיטול). די דאָזיקע ווערטער זיינען ניט צוגעפּאסט, ערשטנס, צוליב דעם, וואָס זיי זיינען אינ ייִדישנ טעקסט ניט פארשטענדלעכ, נאָר דאָס איז ניט אזא בייז, מע קענ געבנ אינ אנ אָנמערקונג א דערקלערונג. דעם איצטיקנ רוסישנ לייענער זיינען די דאָזיקע ווערטער אויכ ניט פארשטענדלעכ. די זאכ איז אָבער אינ דעם, וואָס די ווערטער „סכימע" און „בארמעס" אסאָציירנ זיכ לויט די קלאנגען מיט אנדערע ווערטער פונ דער ייִדישער שפראכ און דאָס קאָנ ארויסרופנ א מיספארשטייעניש, באזונדערס ווענ די דאָזיקע ווערטער וועלנ קלינגען פונ דער סצענע. באַם אָפּקלייב פונעם וואָרט איז וויכטיק אויסרעכענען ניט נאָר אָפּ וויפל דאָס וואָרט גיט איבער פּינקטלעכ דעם אינהאלט פונ רוסישנ, אָפּ וויפל עס

*) אונטערגעשטראָכנ אומעטום פונ אונדז.

הארמאָנירט מיט פושקינס טעקסט, נאָר אויכ מיט דעמ, אפ וויפל עס וועט דערגײנ צומ לייענער, אָדער צושויער, וואָס פארא אסאָציִאציעס עס רופט בא אימ ארויס. א גאנצע רײ אזעלכע ווערטער ווערנ אינ די איבערזעצונגענ אויסגעטײַטשט אונ פארביטנ אפ ייִדישע אונ גאנצ געלונגענ. צ. ב., „Клобук“ „מאָנאכנ־הוט“.

„Кромешники в тафьях и власяницах
Послушными являлись чернецами“

ווערט איבערגעזעצט:

„אָפריטשניקעס אינ האָר־העמדער אונ ספאָדקעס
געווענ ווי די געהאָרכזאמע מאָנאכנ“. („באָר. גאָד.“).

„אָפריטשניק“ איז שוינ אינ די ייִדישע איבערזעצונגענ פארשפרײט פונ לאנג. זײער געלונגענ איז איבערגעזעצט דאָס וואָרט „Местничество“ „ייִכעס־שטרײַט“ (באָר. גאָד.). דער כ׳ האָפשטײנ זעצט גאנצ געלונגענ איבער

„Ковши круговые запенясь шумят“.

„אינ קרײַז גײענ שוימיקע קריגלענ“ („דאָס ליד וועגנ קלוגנ אָלעגנ“).

אָבער אָפטמאָל ווערט דאָס רוסישע וואָרט פארביטנ אפ אזא ייִדישנ וואָרט, וואָס גיט אבסאָליוט ניט איבער זײַנ אינהאלט, אָדער דורכ אזעלכע נײַ־בילדונגענ, וואָס קלינגענ אינ ייִדיש צו נײַ אונ טראָגנ ארײַנ א דיסהארמאָניע אינ פושקינס סטיל. צ. ב., דאָס וואָרט Молчальник זעצט כ׳ רעזניק איבער „שווײַגער“. Молчальник באטײַט א מענטש, וואָס האָט אפ זיכ גענומענ א נײדער שווײַגנ, זײַנ שטומ. דאָס איז א רעליגיִעז וואָרט. אינ ייִדיש איז א שווײַגער, א מענטש, וואָס האָט ניט ליב צו רײדנ אסאכ. דורכ דער איבערזעצונג ווערט פארלאָרנ די כאראקטעריסטיק פונ פירשט פיאָדאָר, וואָס ווערט געשילדערט אלס א פרומער מענטש, וואָס איז ניט צוגעפאסט פארנ צארישנ טראָנ. דער אויסדריק „אפנ טראָנ האָט ער נאָכ א פרידלעכנ לעבנ פונ א שווײַגער געבענקט“ גיט ניט איבער דעמ דאָזיקנ געדאנק. דאָס זעלבע איז ניט צוגעפאסט דאָס וואָרט „פאסטער“ פאר „Постник“, עס גיט ניט איבער דעמ באטײַט פונ אסקעטיזמ, וואָס ס׳פארמאָגט דאָס רוסישע וואָרט. דאָס וואָרט „ברודערשאפט“ פאר братия, וואָס באטײַט א הײליקע געמײנדע, איז ניט גוט, — אינ ייִדיש האָט „ברודערשאפט“ גאָר אנ אנדער באטײַט, „הײליקע פאָנענ“ פאר „Хоругви“ — אפ דעמ איז שוינ אינ ייִדיש פאראנ א וואָרט „קירכ־פאָנענ“. די דאָזיקע ווערטער רופנ ארויס גאָר אנדערע אסאָציִאציעס.

די פראָבלעמ פונ איבערזעצנ די דאָזיקע לעקסיק, וואָס מיר רופנ באדינגלעכ „היסטאָרישע“, באשטײט ניט נאָר אינ דעמ, וואָס עס ווערט ניט ריכטיק איבערגעגעבנ דער באטײַט פונ אײנ וואָרט אָדער א זאצ. ס׳טרעפט, אז די ניט־פינקטלעכע איבערזעצונג פונ אײנ וואָרט ברענגט דערצו, אז ס׳ווערט פארלאָרנ דער געדאנק פונ גאנצנ. פושקינ נוצט אָפט אויס דעמ ביבלישנ וואָרט, צוגעבנדיק אימ גאָר

א נײַעם אינהאלט. צ. ב., אינ דער פאָעמע „דער קופערנער רײַטער" באנוצט פושקינ דאָס קירכ־סלאַווישע וואָרט багряница אינעם פראגמענט:

„Утра луч
Из-за усталых, бледных туч
Блеснул над тихою столицей
И не нашел уже следов
Беды вчерашней, багряницей
Уже прикрыто было зло.
В порядок прежний всё вошло".

דאָס וואָרט багряница באטײַט פורפור־קלײדער. דאָס איז א סימבאָל פונ גרויסקײַט, פונ צארישער מאכט. דער דאָזיקער פראגמענט האָט טאקע א סימבאָלישנ באטײַט. פושקינ מיינט דאָ די בארויִקונג פונ רוסלאנד נאָכנ שטורעם פונ דעקאבער־אופשטאנד. דער כ' פינינבערג האָט אינ זײַנ איבערזעצונג דאָס וואָרט багряница פארביטנ אפנ וואָרט „זונ". „די זונ האָט דאָס בייז דאָס אָפגעטאָנ פארדעקט". אונ דורכ דעם איז פארלאָרנ געגאנגענ דער סימבאָלישער באטײַט פונעם דאָזיקנ פראגמענט. דער כ' כאשטשעוואצקי האָט דאָס וואָרט איבערגעזעצט גאנצ געלונגענ „פורפור־בלאנק".

אינ א ליד קענ איינ ניט פינקטלעכ וואָרט צעפאטערנ די אידייע פונ דער גאנצער ליד. אזעלכע דערשײַנונגענ האָבנ מיר אויכ אינ אונדזערע איבערזעצונגענ. אינעם „באכוס־ליד" ווערט אינ צוויי איבערזעצונגענ (פינינבערגס אונ טייפס) דאָס וואָרט „лампада" איבערגעזעצט „לעמפל". אינ אנ אנדער קאָנטעקסט וואָלט עס ניט געווענ קיינ פעלער. דאָס וואָרט лампада פלעגט דאנ אינ רוסיש באנוצט ווערנ אינ באטײַט פונ א פאָשעטנ לאָמפ, ניט נאָר הייליקנ. אינעם דאָזיקנ ליד איז עס אָבער ניט צוגעפאסט. „באכוס־ליד" איז א טיפ פילאָסאָפישע ליד, וואָס דריקט אויס פושקינס אטעיִסטישע אָנשויונגענ. פושקינ באזינגט דאָ די זונ פונ אומשטערבלעכנ סייכל, קעגנשטעלנדיק די בלאסע לאמפאדע פונ קירכישנ גדאנק. אינ דער איבערזעצונג איז ניט קענטיק דער דאָזיקער טיפער געדאנק. דער כ' האָפשטיינ, וואָס איז מער פילבאר צו א ניואנס פונ וואָרט האָט שוינ איבערגעזעצט „אייל־לעמפל". כ'ווייס אָבער ניט אפ וויפל דאָס דאָזיקע וואָרט וועט דערגיינ צומ לייענער, ס'וואָלט עפשער טאקע דאָ קעדײַ געווענ איבערלאָזנ „לאמפאדע".

דאָס ביבלישע אָדער אלט־רוסיש וואָרט ווערט בא פושקינענ זייער אָפט אויסגענוצט אלס מיטל פונ סטיליזאציע. אָט איז צ.ב. פושקינס ליד „Свободы сеятель". אינ דער דאָזיקער ליד האָט פושקינ אויסגענוצט די יעוואנגעלישע פאבול וועגנ „זייער". די יעוואנגעלישע פאבול ווערט דאָ איבערגעטראָגנ פונ רעליגיעזנ געביט אינ סאָציִאל־פאָליטישנ. דעמ יעוואנגעלישנ „זייער" ווערט קעגנגעשטעלט דער נײַער זייער פונ פרײַהײַט, וואָס קומט צו פרי אונ זײַנ מי איז אומזיסט. די ליד איז אָנגעשריבנ אינ צוויי סטילנ. פושקינ באנוצט דאָ די ביבלישע לעקסיק „пустынный сеятель", „Живителное семя".

אינ דער איבערזעצונג איז די פאראָדישע פארשארפטקײַט פונ דער דאָזיקער ליד פארלאָרנ געגאנגענ. пустынный איז איבערגעזעצט „עלנטער", Живительное семя

„די זריִע וואָס דאַרף שוין געבוירן“, וואָס איז ביכלאַל ניט ריכטיק. דאָס וואָרט Живительный באַטײַט—וואָס רופט אַרויס לעבן, וואָס לעבט אויף.

און נאָך איין בײַשפּיל, ווי אין דער איבערזעצונג ווערט פאַרלאָרן פּושקינס סטיל, איז „דאָס ליד וועגן קלוגן אָלעג“. די גאַנצע ליד איז זייער געלונגענע איבער־געזעצט, אָבער דער כ׳ האָפּשטיין האָט דאָס וואָרט „дружина“ פאַרביטן אויף „פרײַנט“. „מיט פרײַנט הוליעט פריילעך דער קלוגער אָלעג“ און האָט דערמיט פאַרטושירט דעם היסטאָרישן קאָלאָריט פון דער ליד. ס׳איז פּאָשעט צו באַדויערן, וואָס דער כ׳ האָפּשטיין, וואָס איז אַזוי פילבאַר צום פּושקינס סטיל, זאָל עס ניט פילן. קעדיי אײַנהיטן דעם סטיל פון ווערק, וואָס איז איינע פון די וויכטיקסטע פאָדערונגען פון איבערזעצן, דאַרף מען ניט מוירע האָבן איבערלאָזן אַ רוסיש וואָרט, ווען דאָס איז נייטיק, באַנוצן זיך מיט ייִדישע אַרכאַיִזמען, מיט ווערטער און אויסדרוקן פון העברייִשן לעקסיקאָן, ווי דאָס האָט געטאָן, און אין איניקע פאַלן זייער געלונגענע, דער כ׳ רעזניק אין דער איבערזעצונג פון דער דראַמע „באָריס גאָדונאָוו“. פּושקינס שפּראַך איז אַזוי רײַך, אַז די פראַגע פון וואָרט־שטאָף שטייט זייער שאַרף פאַרן איבערזעצער. עס קומט דעריבער אויס מאָביליזירן אַלע שפּראַך־רעסורסן, וואָס מיר פאַרמאָגן. מע דאַרף אָפּמערקן, אַז בײַ איניקע אונדזערע שרײַבער־איבערזעצער פילט זיך אַ געוויסע מוירע פאַר אַ ניט־געוויינלעכן, ווייניק פאַרשפּרייטן וואָרט, פאַר אַ העברייִזם־אַפילע אַזאַ, וואָס איז פאַרשפּרייט אין דער רייד־שפּראַך און ליטעראַטור. ניט אַלע שרײַבער זײַנען גענוג פילבאַר צום וואָרט, אין איניקע איבערזעצונגען באַמערקט זיך אַפילע אַ נאַכלעסיקע באַציִונג צום וואָרט־אָפּקלײַב, באַזונדערס ווען דער שרײַבער האָט צו טאָן מיט סינאָנימען.

---

סינאָנימען זײַנען ווערטער מיט נאָענטע גרונט־באַטײַטן, וואָס שיידן זיך אונטער לויט די ניואַנסן פון באַטײַט „בײַ סינאָנימען, זאָגט באַלי *), קען מען באַאָבאַכטן פאַרשיידענע גראַד אינטענסיווקייט, מיט וועלכע די אָדער יענע פאָרשטעלונג אָדער באַגריף גייט אַרײַן אין אונדזער באַוווסטזײַן. מיט די פאַרשיידענע סינאָנימען אַסאָ־ציִירן מיר דעם געפיל פון צופרידנקייט אָדער אומצופרידנקייט, די פאָרשטעלונג וועגן „גוטס“ און „שלעכטס“, „שיינקייט“ אָדער מיִעסקייט. ענדלעך, בײַ די אָדער יענע סינאָנימישע אויסדריקן קומט בײַ אונדז אויף אַ פאָרשטעלונג וועגן אַ באַשטימטן סאָציִאַלן שיכט, וועגן אַ באַשטימטער אַרט טעטיקייט, פּראָפעסיע...

דאָס זײַנען די הויפּט־אונטערשיידן, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער די פאַרשיידענע אויסדריק־מיטלען פון דער געוויינלעכער שפּראַך. דער אונטערשייד צווישן שטאַרקן אויסדריק, פאַרגרעסערונגען, פאַרקלענערונגען, צערטלעכע, אַהער געהערן אויך די אויסדריקן, וואָס ווערן איבערגעגעבן דורך די טערמינען: גערעדטע שפּראַך, שריפט־שפּראַך, פאַמיליאַר־וואָרט, פאָלקסטימלעכער אויסדריק, טעכנישער טערמין, ליטעראַ־רישער טערמין א. אנד.“

דער אויסוואַל פונעם פּאַסיקן וואָרט פאַרן געגעבענעם ניואַנס פון סינאָנים פאָ־דערט אַ באַזונדער בויגעוודיקייט פון דעם איבערזעצער. דער איבערזעצער דאַרף

*) באַוווסטער פראַנצויזישער לינגוויסט.

קענענ אונטערשיידנ די ניואַנסנ פונ נאָענטע ווערטער אינ די פאַלנ ווענ מע קענ ניט איבערגעבנ מיט איינ איינמאָל פאַר אַלעמאָל אײַנגעשטעלטנ וואָרט פונ דער איבערזעצונג־שפּראַך דעמ אָדער יענעמ אויסדריק פונ אָריגינאַל, וואָס קומט אינ פאַר־שיידענע קאָמבינאַציעס מיט אַנדערע ווערטער אונ אויסדריקנ. פאַר דעמ ייִדישנ איבערזעצער פונ רוסיש איז דאָס אַסאַך שווערער, ווײַל די ייִדישע שפּראַך איז אָרעמער אינ סינאָנימענ ווי די רוסישע. די רוסישע שפּראַך איז מער אָנגע־זאַפּט מיט עפעקטיווקײַט. אינ רוסיש זײַנענ פאַראַנ א מאַסע פאַרקלענער־פאָר־מעס, פאַראַכטלעכע אונ פאַרצויגענע סופיקסנ—באַזונדערס אינעמ רוסישנ פאָלקלאָר אונ אינ דער מאַמנ־שפּראַך—ניט פאַר אַלע פונ די דאָזיקע פאָרמעס האָבנ מיר אַנט־שפּרעכיקע פאָרמעס אינ ייִדיש. דאָס מאַכט נאָכ שווערער די אויפגאַבע פונ איבער־זעצער. דער איבערזעצער איז אָפּט געצוווּנגענ ענדערנ דעמ ניואַנס פונ וואָרט. פאַראַנ אָבער פאַלנ, ווענ דער איבערזעצער ענדערט דעמ ניואַנס פונ וואָרט אָנ שומ נויטווענדיקײַט. ס'איז אַבסאָליוט ניט פאַרשטענדלעכ צוליב וואָס איז דעמ כ' פינינ־בערג נייטיק געווענ איבערזעצנ דאָס וואָרט "плечи" „אַקסלעכ".

„ס'האַקט דער דעליבאַש דיר אָפּ
אינ גאַלאָפּ מיט סאַבל זײַנער
פונ אַקסלעכ דעמ קאָפּ". (דעליבאַש).

אינ אָריגינאַל לייענענ מיר:

„Делибаш на всем скаку
Срежет саблею кривою
С плеч удалую башку".

דאָס וואָרט „אַקסלעכ" קלינגט אינ דער איבערזעצונג פּאַשעט קאָמיש. דאָס וואָרט „פענצטער" איז בא דעמ כ' האַרצמאַנ געוואָרנ „שויב".

„דו מײַנ אַלטינקע, מײַנ גרײַזע
וואָס זשע זיצטסו בא דײַנ שויב" („א ווינטערדיקער אָוונט").

ס'האָט נאָכ ניט געטראָפנ, אַז עמעצער זאָל זיצנ בא א שויב (ווענ מיר זעצנ דאָס איבער אינ רוסיש וואָלט זיכ באַקומענ у стекла), אַזעלכע ניט לאָגישע ווערטער אונ אויסדריקנ טרעפנ מיר אַפילע גאַנצ אָפּט אינ די בעסטע איבערזעצונ־גענ. „דער פלאַכ גליטשט זיכ אַראָפּ" („דו קריטיקער" איבערז. פינינ.) אָנשטאָט Скат отлогий. אויכ דער כ' האָפּשטיינ דערלויבט זיכ בײַטנ די ניואַנסנ פונ ווערטער.

„Толпы непрос вещенной".

ווערט איבערגעזעצט

„פונ מענגע טעמפּער" (דאָרט).

„Наших деток в шумной школе
Раздавались голоса."

זעצט ער איבער:

„אין דער שול האָט הויך געקלונגען
אונדזער יונגן דאָרס געזאַנג“.
(„א מאָלצײַט אין צײַט פון פּעסט“).

„יונגער דאָר“ קלינגט פײַערלעכער, געהויבענער ווי „קינדער“. אינעם דאָזיקן קאָנטעקסט פון ׳א פאָלקס־ליד איז עס ניט קיין געלונגענער פאַרבײַט.

דאָס זײַנען בלויז אײנצלנע בײַשפּילן. אין אונדזערע איבערזעצונגען האָבן מיר א מאַסע אַזעלכע ניט־פּינקטלעכקײַטן. ניט שטענדיק שטערט דאָס דער פּינקטלעכקײַט פון דער איבערזעצונג. דאָס איז אָבער א פראַגע, וואָס די כאַוויירים־איבערזעצער דאַרפן נעמען אין אכט, קעדיי אויסמײַדן ליאַפּסוסן. צו אײניקע ווערטער האָבן די איבערזעצער א באַזונדער נייגונג, אַז מע כאַזערט זיך איבער אַזויפיל מאָל, אַז עס ווערט צוגעגעסן. דאָס וואָרט „פּײַן“, צ. ב., ווערט באַנוצט אַף איבערזעצן די ווערטער: —

Печальный, бедный, тоска, томный, жестокий, суровый.

א. אנד.

„ס׳וועט פון הארץ אוועק די פּײַן“ („ווינטער־אָוונט“).
„פריינדן עכטע פון מײַן יוגנט־פּײַן“ („ווינטער“).
„פּײַן־געזאַנגען“ („דו זינג ניט שיינהײַט“).
„עס פּײַניקט דיך אַן אומעט“. („צו דער ניאַניע“).
„מיט מיטלייד ענטפערן אַף שטיל געזעדט פון פּײַן“ („דאָרף“).

און נאָך און נאָך.

פּושקינס פּאָעטישע שפּראַך צייכנט זיך אויס מיט איר פּראָסטקײַט, נאַטירלעכקײַט, קיין שום סענטימענטאַלקײַט, קיין שום אומנאַטירלעכע מעטאַפּאָרעס, קיין שום צעשוווּמענקײַט און געקינצלטקײַט געפינען מיר ניט אין פּושקינס פּאָעטישער לעקסיק. אונדזערע איבערזעצער באַנוצן פּושקינען מיט אַזעלכע מעטאַפּאָרעס, וואָס זײַנען פאַר אים ניט כאַראַקטעריסטיש, מע פאַרבײַט אָפט איין עפּיטעט אַף אַן אַנדערן, וואָס האָט גאָר אַן אַנדער עמאָציאָנעלע קראַפט, מע פאַרבײַט איין קינסטלערישן מיטל אַף א צווייטן, אָדער מע פאַרפעלט אַזעלכע עפּיטעטן, וואָס האָבן זייער א וויכטיקע באַדײַטונג אינעם געגעבענעם טעקסט. צ. ב., בא פּושקינען

„Черты далёкой, бедной девы“

איבערז. „דאָס מיידל, וואָס אין ווײַ פאַרגאַנגען“ („זינג ניט שיינהײַט“).
וואָס באַטײַט עס? „אין ווײַ פאַרגאַנגען“?
בא פּושקינען:

„Над омраченным Петроградом
Дышал ноябрь осенним хладом,
Плеская шумною волной
В края своей ограды стройной
Нева металась, как больной
В своей постеле беспокойной“.

אין דער איבערזעצונג:

ס'האָט שוין נאָיאבער מיט קעלט געאָטעמט
און הארבסטיק פעטראָגראד באשאָטנ,
נעווא די כוואליעס האָט געשארפט
אַנ ראנדנ פונ איר צוים דער שלאנקער...
(„קופערנער רײַטער", איבערז. כאשטשעוואצקי).

דאָ זײַנענ גאנצ פײַנע בילדער—נאָיאבער האָט הארבסטיק באשאָטנ פעטראָגראד, נעוואָ האָט געשארפט די כוואליעס, אָבער וואָס פארא שײַכעס האָט עס צו פושקינענ?

„Люблю военная столица
Твоей твердыни дым и гром."

ווערט איבערז.

„כ'האָב ליב דיכ הויפטשטאָט פונ מעדינע
פונ פעסטונגענ דעמ רויכ אונ ברויז".

פושקינ שילדערט דאָ פעטראָגראדס באוואָפנטקײַט, זײַנ שטאָלצ, פעסטקײַט. דער גאנצער פראגמענט איז דורכגעדרונגענ מיט דער אידיי פונ פעסטקײַט. אינ דער איבערזעצונג איז דאָס פארשוווּנדנ. ס'איז דורכגעלאָזנ אזא וויכטיקער עפיטעט военная. דאָס וואָרט „ברויז" קלינגט דאָ גאנצ לעכערלעכ. ברויזנ קענ נאָר א פליסיקײַט, שטיינ אונ גראניט ברויזט ניט.

א באזונדער פאָרזיכטיקער צוגאנג צו דער קינסטלערישער לעקסיק פאָדערט זיכ באמ איבערזעצנ א לירישע ליד. איינ ניט צוגעפאסט וואָרט, א וועלכער ניט איז דורכגעלאָזענער עפיטעט קענ צעפאטערנ דעמ אינהאלט פונ דער גאנצער ליד. אלס איליוסטראציע וועלנ מיר דאָ ברענגענ די ליד „א ווינטערדיקער אָוונט". מיר האָבנ פיר איבערזעצונגענ פונ דער דאָזיקער ליד (האָפשטיינס, פינינבערגס, כאשטשעוואצקיס, הארצמאנס.) יעדער פונ די איבערזעצער האָט דאָ עפעס געענדערט.

מיר נעמענ די ערשטע צוויי שורעס:

„Буря мглою небо кроет
Вихри снежные крутя".

ווערט איבערגעזעצט:
בא האָפשטיינענ:

„הימלענ כמישעכט שטורעמ ווילדער
וויכערס שנייִקע פארדרייט".

די דאָזיקע איבערזעצונג איז קימאט א וואָרטלעכע.
בא פינינבערגנ:

„שפרייט דער שטורעמ שווארצע דעקנ
שנייענ וויכערס דרייט געשווינד".

דאָ איז דורכגעלאָזן דאָס וואָרט „הימל“, צוגעגעבן דאָס וואָרט „געשווינד“. דער אויסדריק „שפּרייט... שווארצע דעקן“ ניט אזוי קאָנקרעט, ווי בא פּושקינען.

בא כאשטשעוואצקין:

„דרייט דער שטורעם שנייען-קוילן
און דעם הימל בלינד פארשפּינט“.

דאָ איז געענדערט דער ווערטער-סיידער, דאָס גיט צו דער ליד גאָר אן אנדער באטאָנונג, ס'איז אריינגעבראכט א מעטאפאָר, וואָס איז ניט אָרגאניש פארן טעקסט פון דער דאָזיקער ליד „בלינד פארשפּינט דעם הימל“, עס צעשטערט די קאָנקרעטקייט פונעם בילד. ווען מיר לייענען פּושקינס ליד, שטעלן מיר זיך פאָר אזוי קלאָר דאָס אלטע, פינצטערע טרויעריקע שטיבל. דאָ שפּילן דעריבער זייער א וויכטיקע ראָל די עפּיטעטן

„Покровие обветшалой“, „ветхая лачужка“.

בלויז אין דעם כ' האָפּשטיינס איבערזעצונג איז פארהיט דאָס דאָזיקע בילד, עס זיינען איבערגעזעצט די עפּיטעטן.

„אפן אלטן דעכל וועט ער
באלד די שטרוי א טרייסל טאָן“.

פארגלייך:

„То по кровле обветшалой
Вдруг соломой зашумит“.

פינינבערג האָט די שורה אינגאנצן געענדערט:

„אפן גערסל נעמט ער יאָגן“...

כאשטשעוואצקי האָט איבערגעזעצט: „אָט אין דעכל טוט א שמעטער“.

הארצמאנ: „צי גאָר בא א דאך נעמט דרייען“.

„Наша ветхая лачужка“.

זעצט דער כ' כאשטשעוואצקי איבער: „אונדזער שטיבעלע דאָס קאלטע“. פאר־וואָס עפּעס קאלטע?

בייס מיר לייענען פּושקינס ליד שטעלן מיר זיך פאָר, אז דאָס שטיבעלע איז דאפּקע הייס אָנגעהייצט און דערפאר נויגט אזוי צום דרעמל, צו הערן מייסעס.

„Или дремлешь под жужжаньем
своего веретена“

האָט דער כ' כאשטשעוואצקי ווידער פארביטן אפּ אן אנדער אויסדריק:

„צי פון שפּינרעדל דאָס זשומען
האָט די אויגן דיר פארמאכט“.

בא פּושקינען איז עס אזוי פּאָשעט, קאָנקרעט, אין דער איבערזעצונג איז עס נעפּלדיק, אפילע סימבאָליש.

„Спой мне песню, как синица
Тихо за морем ушла“.

וועט איבערגעזעצט בא האָפשטיינען:

„זינג א ליד, ווי ס'לעבט א פויגל
פרײַ אינ יאמען־ווײַטן לאנד״.

בא פיניבערגן:

„זינג א ליד מיר ווי אינ פריידן
פויגל לעבט אפ יענ זײַט יאמ״.

בא כאשטשעוואצקין:

„זינג א ליד מיר, ווי באשיידן
הינטער יאמ א פויגל לעבט״.

בא הארצמאנען:

„זינג ווי נאָכ דעמ יאמ דעמ ברייטן
האָט דאָס בלויערל געלעבט״.

די צויבערדיקע синица.—(синяя птица), וואָס איז א פארשפרייטער מאָטיוו אינ די רוסישע פאָלקס־מײַסעס הארמאָנירט מיט פושקינס אומעטיקער שטימונג. סטאַמ „פויגל״ האָט דאָ ניט די זעלבע קראפט. ווידער ווערט דאָס וואָרט тихо אויכ ניט ריכטיק איבערגעזעצט: פרײַ, באשיידן, אינ פריידן, בא פיניבערגן אינגאנצן דורכגעלאָזן. добрая старушка פושקינס גוטע אלטינקע ניאניע ווערט אינ די איבערזעצונגען פארוואנדלט אינ „א זיסע פרײַנדנ״, אינ א „פארקלערטע, יוגנט־פרײַנט, מײַנ שיינ״ (הארצמאנ).

דער אויסדריק выпьем с горя, אינ וועלכנ עס איז קאָנצענטרירט די גאנצע שטימונג פונ דער ליד, ווערט אינ דעמ כ' פיניבערגס איבערזעצונג אינגאנצן דורכגעלאָזן, אינ כאשטשעוואצקיס פארביטן אפ „טרינק א ביסל״ פושקינ זאָגט: „Сердцу будет веселей״ זעצט פיניבערג איבער „ס'וועט פון הארץ אוועק די פּײַן״, הארצמאנ „וועט דעמ הארץ דאנ פריילעכ זײַנ״. ס'איז פונדעסטוועגנ א גרויסער אונטערשייד ווענ ס'ווערט אביסל גרינגער, אָדער ווענ ס'פארשווינדט די „פּײַנ״ אינגאנצנ. פונעמ ערשטנ בליק דוכט זיכ אויכ, אז די אלע ענדערונגענ זײַנענ ניט אזעלכע באדײַטנדיקע. ווענ מיר טראכטנ זיכ אָבער גוט ארײַנ זעענ מיר, אז אינ די איבערזעצונגענ איז אנטרונענ געוואָרנ די צויבער־קראפט, וואָס עס פארמאָגט דער אָריגינאל, דאָ איז שטארק אָפּגעשוואכט געוואָרנ דער מאָטיוו פונ שטילנ טרויער, בענקעניש, שווערקײַט פונ געמיט, וואָס עס פילט זיכ אינ דער דאָזיקער ליד.

צומ סאָפ ווילנ מיר אָנווײַזנ גראָבע גרײַזנ, וואָס ווערנ דערלאָזנ אינ די איבערזעצונגענ. אויב די איבערזעצער קענענ זיכ קלאָגנ אונ מיט רעכט, אז ס'זײַנענ ניטאָ קיינ יִדישע ווערטער־ביכער, צו וועלכע מע קענ זיכ ווענדנ אינ שווערע אונ סאָפעקדיקע פאלנ, קענ ער זיכ אָבער ניט קלאָגנ אפ דער אָפּוועזנהײַט פונ רוסישע ווערטער-ביכער. ווענ דער איבערזעצער וואָלט ארײַנגעקוקט אינ א רוסישנ ווערטער־בוכ, וואָלט ער געזעג, אז דאָס וואָרט свет באטײַט ניט נאָר „וועלט״, נאָר די העכערע געזעלשאפט־אריסטאָקראטיע, דאנ וואָלטנ מיר ניט געלייענט „ווען מען האָט פארשלעפּט

פונ אײַכ די פאַלשע װעלט״ (די ליד „19 אָקט.״), בײַס פושקינ מײנט דאָ די העכערע קרײַזנ. אז век באַטײַט ניט נאָר יאָרהונדערט, נאָר „עפּאָכע״, „צײַט״, אונ „В мой жестокий век“ דארפ מענ איבערזעצנ ניט „אינ מײַנ גרױזאמענ יאָרהונדערט״ (דענקמאָל״, איבערז. מ. טײפ), נאָר „אינ מײַנ הארבער צײַט״ (ז. „דענקמאָל״, איבערז. כאשטשעװאצקי). אז „טראָפּיק״ איז אינ ייִדיש אױכ „טראָפּיק״, ניט „עקװאטאָר״ („19־טער אָקט״.).

די דאָזיקע פעלערנ װאָלט מענ בא א מער זאָרגזאמער אונ פּאָרזיכטיקער באַציִונג געקענט אױסמײַדנ. פושקינ איז גװאלדיק באליבט בא די ברײטע מאסנ פונ אונדזער פארבאנד. דער לײענער באציט זיכ מיט דער גרעסטער אופמערקזאמקײַט צו יעדנ װאָרט פונעמ באליבטנ פּאָעט. א בולעטע אילױסטראציע פונ דעמ, װי גװאלדיק פושקינ איז באליבט בא די ברײטע לײענער־מאסנ, װי זאָרגזאמ מע באציט זיכ בא אונדז צו יעדנ װאָרט זײַנעמ, װי ערנסט מע שטודירט די װערק פונ געניאַלנ פּאָעט, איז דער באװוסטער בריװ פונ די ארבעטער מעזשאָװ אונ גרינאָריק צומ פאָרזיצער פונ ראטספאָלקאָמ כ׳ מאָלאָטאָװ, אינ װעלכנ די כ״כ בעטנ דעמ כ׳ מאָלאָטאָװ אײַנשטעלנ זיכ פאר פושקינענ, אָנעמענ מיטלענ, אז די ארױסגעבער פונ פושקינס װערק זאָלנ ניט דערלאָזנ קײנ גרײַזנ אונ פארקריפלונגענ אינ די אױסגאבעס פונ פושקינס װערק. אונדזערע לײענער פאָדערנ פונ דעמ איבערזעצער, אז ער זאָל װאָס פינקטלעכער איבערגעבנ די געדאנקענ אונ אידײענ פונ דעמ באליבטנ פּאָעט, װאָס זאָרגזאמער אונ אופמערקזאמער באציִענ זיכ צו יעדנ װאָרט זײַנעמ.

---

די פינקטלעכקײַט פונ א פּאָעטישער איבערזעצונג װערט אָבער ניט אָפּגעשאצט נאָר לױט דעמ אפ װיפל ס׳איז ריכטיק איבערגעגעבנ דער אינהאלט פונ װערק דורכ אנטשפּרעכיקנ װאָרט־מאטעריאל. ס׳טרעפט זײער אָפט, אז ס׳איז אינגאנצנ ריכטיק איבערגעגעבנ דער אינהאלט, אָבער די איבערזעצונג איז גאנצ װײַט פונ אָריגינאל. באמ איבערזעצנ א פּאָעטיש װערק טרעט ארױס אפנ ערשטנ אָרט דאָס ספּעציפישע פאר פּאָעזיע—דער געבױ פונ ליד, דער ריטמ, סינטאקס אונ אינטאָנאציע. אונדזערע איבערזעצער זײַנענ ניט שטענדיק געװנ פילבאר צומ ריטמ. מיר נעמענ, אלס בײַשפּיל, די איבערזעצונג פונ דער „באכוס־ליד״, װענג װעלכער אונדז איז שױנ אױסגעקומענ צו דערמאָנענ. דאָס איז אנ אױסערגעװײנלעכ ליד. זי איז פול מיט לעבנספרײד, לוסטיקײַט, יוגנט־ברױז. עס פילט זיכ דאָ פרײלעכער געלעכטער אונ געזאנג, דער קלאנג פונ די גלעזער. פונ אלע דרײַ איבערזעצונגענ, װאָס מיר פארמאָגנ איז די בעסטע גראָדע די, אינ װעלכער עס זײַנענ דערלאָזנ געװאָרנ מער אָפּװײַכונגענ אינ דער לעקסיק פונ אָריגינאל—דעמ כ׳ פינינבערגס. דער כ׳ פינינבערג האָט צ. ב., אינגאנצנ געענדערט די ערשטע שורע, ניט פינקטלעכ איבערגעזעצט אײניקע װערטער. די איבערזעצונג האָט אָבער פארהיט די קלינגענדיקײַט אונ לײַכטקײַט, װאָס עס פארמאָגט דער אָריגינאל. אומעטומ איז אױסגעהאלטנ דער ריטמ, די אינטאָנא־

ציע, די שפּיל מיט צעזורעס. באַזונדערס געלונגענ איז פארגלײַכ מיט די איבעריקע איבערזעצונגענ איז די צווייטע שורע:

„לאָזט הערנ זיכ באכוס-געזאנגענ“.

פארג. מיט אָריגינאל:

„Раздайтесь вакхальны припевы“.

אינ דעמ כ' האָפּשטיינס איבערזעצונג האָט די דאָזיקע שורע פארלאָרנ איר קלינגענדיקײַט: „געזאנגענ, ניט לאָזט אפּ זיכ ווארטנ“.

נאָכ ערגער קלינגט זי אינ דעמ כ' טייפס איבערזעצונג:

„דערלאנגענ די באכוס-געזאַנגענ, וואָס ווארט איר?“ ס'באקומט זיכ עפּעס הארב-באפּעלע-ריש אונ שווערוואָגיק. א באזונדער באדײַטונג פאר דער אייגנארטיקײַט פונ דער דאָזיקער ליד האָט די ריטמישע גרופּע:

„Полнее стакан наливайте
На звонкое дно
В густое вино
Заветные кольца бросайте“.

דער כ' פיניגבערג האָט זי געלונגענ איבערגעזעצט, כאָטש ניט גאָר פּינקטלעכ.

„גיסט אָנ די ווײַנענ, וואָס פינקלענ!
אינ בעכער ארײַנ
אינ געדיכטנ אינ ווײַנ
שלײַדערט די טײַערע רינגענ“.

אינ דעמ כ' האָפּשטיינס איבערזעצונג איז צעשטערט דער דאָזיקער ריטמיש-סינ-טאקסישער אוצאָר.

„גיסט אָנ פולער די גלעזער, נעמט טרינקענ!
געדיכט איז דער ווײַנ
אינ גלאָז ווארפט ארײַנ
די טײַערע הארציקע רינגעל“

דאָ איז געענדערט די אינטאָנאציע אונ דער ווערטער-סיידער. האמעטנע אונ שווערוואָגיק קלינגט די דאָזיקע גרופּע אינ דעמ כ' טייפס איבערזעצונג:

„וואָס פולער גיסט אָנעט די גלעזעלעכ אײַערע!
אונ שלײַדערט ארײַנ
אינ געדיכטנ ווײַנ
שלײַדערט די רינגענ די טײַערע“.

דער כ' טייפ האָט אויכ ניט איבערגעגעבנ די ריטמישע אייגנארטיקײַט פונ פושקינס ליד. די שטימונג פונ דער דאָזיקער ליד איז בא פושקינענ אויסגעדריקט דורכ פארשיידענע מיטלענ: ריטאָרישע פיגורנ — פראגע-צייכנס, אויסרופ-צייכנס, וואָרט-אינסטרומענטירונג: צ. ב.

„Что смолкнул веселия глас“

דאָ האָבן מיר אַן אויסגעצייכנטע קלאַנגען־באַהעפטונג. דער כ' טייפ האָט געפּאַטערט די קלינגענדיקייַט פון דער דאָזיקער שורע מיט איין איבעריקן וואָרט: „פּאַרוואָס, איז אַנטשוויגן די פרייד און באַטריבט?" „באַטריבט" — אַזאַ שווער־וואָגיק וואָרט.

דער ריטם און אינטאָנאַציע פון פושקינס לידער זייַנען ענג פאַרבונדן מיטן אינהאַלט פון ליד. דאָס ניט פּינקטלעכע איבערגעבן דעם ריטם, רופט זיך אויך אָפּ אַפן אינהאַלט. מיר ווילן דאָ ברענגען נאָך אַ בייַשפּיל פון אַ ליד, וואָס דריקט אויס גאָר אַן אַנדער שטימונג. דאָס איז די קלאַסישע ליד:

„Брожу ли я вдоль улиц шумных..."

די ליד איז דורכגעדרונגען מיט שטילן טרויער, מיט טיפע פילאָסאָפישע געדאַנקען וועגן טויט. דער געדאַנק וועגן טויט לאָזט דעם פּאָעט ניט רוען. ער באַגלייט אים אומעטום, ווו ער געפינט זיך. דער ריטם פון דער דאָזיקער ליד, דער פּאָעטישער געבוי האַרמאָנירט אינגאַנצן מיט דער שטימונג פון פּאָעט. אין דער איבעזעצונג פון כ' פינינבערג ווערט אָבער ניט אומעטום איבערגעגעבן דער ריטם, דאָ זייַנען געענדערט איינקע סינטאַקסישע פאָרמעס, וואָס צעשטערן די שטימונג פון דער ליד, צ. ב., בא פושקינען לייענען מיר:

„Я говорю промчатся годы
И сколько здесь не вилно нас
Мы все сойдем под вечны своды
И чей нибудь уж близок час".

אין דער איבערזעצונג:

„איך זאָג: די יאָרן יאָגן, יאָגן
און יעדן פון אונדז אָט דאָ,
ס'וועט צו דער אייביק רו פאַרטראָגן
לעם עמעצן שטייט שוין די שאָ".

דער אויסדריק „יאָגן, יאָגן" צעשטערט די עפּישקייַט פון דעם פראַגמענט. די שטימונג פון דער דאָזיקער ליד, דער קאָנצענטרירטער געדאַנק וועגן טויט ווערט דאָ צעשטערט צוליב דעם, וואָס אייניקע ווערבן זייַנען אין דער איבערזעצונג אין דער איינמאָליקער פאָרמע.

Гляжу ль на дуб уединенный
Я мыслю: патриарх лесов
Переживет мой век забвенный,
Как пережил он век отцов".

ווערט איבערגעזעצט:

„אַפ שטאָלצן דעמב אַ קוק נאָר גיב איך,
דער וועלדער־פּאַטריאַרך, איך קלער,
מייַן פליסנדיקער דאָר לעבט איבער
פונקט ווי די פאָטערס דאָ אַפ דר'ערד".

די סטראָפע איז ביכלאל זייער שלעכט איבערגעזעצט, ס'איז צעדרייט דער ווער־טער־סיידער, ניט קיין צוגעפאסטע ווערטער. דאָ וויל איך אָבער צוציִען די אופ־מערקזאמקייַט אפ דער איבערזעצונג פון דער ווערב־פאָרמע.

און נאָכאמאָל אזא ענדערונג.

„Пусть у гробового входа
Младая будет жизнь играть".

„און זאָל דאָס לעבן יונג א שפּיל טאָן
לעם טויער פונעם קייווער מייַן".

בא פושקינען זייַנען אלע ווערבן פון דער ליד אין דעם Несовершенный вид, וואָס באטייַט א לאנגדויערנדיקן פּראָצעס. און דאָס איז גאנץ נאטירלעך, ווייַל פושקין רעדט דאָ וועגן דעם, וואָס פארנעמט שטענדיק זייַנע געדאנקען, וועגן א פראגע פון אייביקייַט. די איינמאָליקע פאָרמע פון .ווערב אין דער איבערזעצונג צעשטערט דעם אינהאלט פון דער ליד. צי דען האָט דאָס ניט געפילט דער איבערזעצער?

די ריטמישע אָנגעשטרענגטקייַט פון ליד ווערט בא פושקינען דערגרייכט דורך איבערכאזערונגען, פאראלעלן, קאָנטראסטן.

„День каждый, каждую годину
Привык я думой провожать".

אין דער איבערזעצונג ווערן ניט איבערגעגעבן די איבערכאזערונגען, וואָס ווערן בא פושקינען באטאָנט:

„געווינט כ'בין טעג און רעגעס שטענדיק
באגלייטן מיט געדאנקען שטיל".

איבערכאזערונגען פון איין און דעם זעלבן וואָרט אָדער ענלעכע ווערטער, אנאפאָרן איז בא פושקינען איינער פון די פארשפרייטע מיטלען אפ פארשטארקן די ריטמישקייַט פון ליד, אפ צוגעבן איר אן עמאָציאָנעלע קראפט, אינטאָנאציאָנעלע געשפּאנטקייַט. צום באדויערן ווערט די דאָזיקע עמאָציאָנעלע געשפּאנטקייַט אין איי־ניקע איבערזעצונגען צעשטערט. דאָרט ווו פושקין כאזערט עטלעכע מאָל איבער איין און דעם זעלביקן וואָרט, איז די איבערזעצער דאפקע געפעלן איבערזעצן מיט פארשיידענע ווערטער, צ. ב. בא פושקינען:

„Одна ты несешься по ясной лазури,
Одна ты наводишь унылую тень
Одна ты печалишь ликующий день".
(Туча).

אין דעם כ' פינינבערגס איבערזעצונג:

„דו טראָגסט איין אליין זיך אין הימלישע ברייטע
מיט שאָטנס פון אומעט און עלנטער יאָגסט
דו איינער פארטרויערסט דעם ליכטיקן טאָג".

אין „אנטשאר“ ווערט אין דער לעצטער סטראָפע עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט דער בינדוואָרט:

„Принёс—и ослабел, и лёг
Под сводом шалаша на лыки
И умер бедный раб у ног
Непобедимого владыки“.

די איבערכאַזערונג פֿון „И“ האָט דאָ זייער א וויכטיקע באַדײַטונג. דאָ פֿילט זיך דער פּראָצעס פֿון דער ווירקונג פֿונעם סאַם. דער לאַנגזאַמער טויט. אין דער איבערזעצונג איז עס, פֿאַרשטייט זיך, ניט איבערגעגעבן:

„געבראַכט, פֿאַרשמאַכט און רו געניסט
אין שאָטן פֿון געצעלט אַף קאָרע.
געשטאָרבן איז דער קנעכט בײַ פֿיס
פֿון האַר, פֿון אומבאַזיגטן סראָרע“.

דאָ איז גאָר אַן אַנדער ריטם, אַן אַנדער אינטאָנאַציע.

מיר האָבן דאָ געבראַכט בײַשפּילן דאַפֿקע פֿון די בעסערע איבערזעצונגען. דאָס באַווײַזט, אַז די איבערזעצער לייגן ניט קיין אַכט אַף אַזעלכע קלייניקײַטן. אין קלענסטן פּונקט איז אָבער אָפֿט די גרעסטע קראַפֿט.

פֿון אַלע לירישע איבערזעצונגען זײַנען באַזונדער ניט געלונגען איבערגעזעצט פּושקינס—פּאָליטישע לידער. קימאַט אַלע לידער, וואָס דריקן אויס פּושקינס פּאָליטישע אָנשויונגען זײַנען איבערגעזעצט אַזוי, אַז עס איז פֿאַרקריפּלט אָדער פֿאַרנעפּלט דער געדאַנק. ס'איז ניט געלונגען, צ. ב., פּושקינס באַוווּסטע ליד „קיין סיביר“ (אין פֿינינבערגס איבערז.).

די רעוואָליוציאָנערן פֿון יענער צײַט—די דעקאַבריסטן זײַנען געקעפּט און פֿאַרשיקט אַף אײביקער קאַטאָרגע אַפֿן ווײַטן צאָפֿן. פּושקין גלויבט, אַז ניט אַלץ איז פֿאַרפֿאַלן. ער איז זיכער, אַז עס וועט ניט פֿאַרלאָרן גיין זייער שווערע טרויעריקע אַרבעט.

„Не пропадет ваш скорбный труд
И дум высоких назначенье“.

טרייסט ער די פֿאַרשיקטע אין סיביר. אין דער איבערזעצונג לייענען מיר עס:

„ס'פֿאַרגייט ניט אײַער טרויער־מי
די הויכע די געדאַנקען־שטרעבונג“.

וואָס באַטײַט „ס'פֿאַרגייט ניט“?

„די שוועסטער פֿון די אומגליק־לײַט
די האָפֿענונג און כוישעך־היילן
וועט טאָג אַוועק אײַך מונטער פֿריילעך
ס'וועט קומען די געגאַרטע צײַט“.

ס'באַקומט זיך, אַז דער טאָג אַוועק וועט זײַן מונטער פֿריילעך. אין אָריגינאַל

„Разбудит бодрость и веселье“.

פּושקין פאַרענדיקט די ליד מיט א נעווייַשן פּאַטאָס:

„Оковы тяжкие падут
Темницы рухнут—и свобода
Вас примет радостно у входа
И братья меч вам отдадут".

פּושקין האָט טיף געגלויבט, אז עס וועט קומען די צייַט, ווען שווערע קייטן וועלן פאלן. פּושקינס נעווייַשער טאָן ווערט אָבער פארלאָרן אין דער איבערזעצונג, צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע סטראָפע איז איבערגעזעצט אין דער קעגנווארט־פאָרמע פון ווערב ניט אין דער צוקונפט.

„די שווערע קייט צעריסן ווערט
די טפיסעס פאלן צו דער נידער,
די פרייַהייַט נעמט אייַך אוף—די ברידער
אייַך קערן אום דאן אייַער שווערד".

דאָס בייַטן די צייַטן, די קעגנווארט אָנשטאָט צוקונפט אָדער פארגאנגענהייַט איז שוין געוואָרן א סיסטעם אין אונדזערע איבערזעצונגען. צוליב דער ענדערונג פון דער צייַט איז אויך ניט קלאָר איבערגעגעבן דער אינהאלט פון ליד „צו טשאאדאיעוון" (איבערז. כ׳ פינינבערג). די ליד איז א לייַדנשאפטלעכער פּראָטעסט קעגן דער זעלבסטהערשונג. זי איז דורכגעדרונגען מיט דער אידייע אָפּגעבן דאָס לעבן דעם קאמף פאר פרייַהייַט. פּושקין פאַרענדיקט די ליד מיט די ווערטער פון אופמונטערונג און זיכערקייַט.

„Товарищ верь, взойдет она
Заря пленительного счастья
Россия вспрянет ото сна
И на обломках самовластья
Напишет наши имена".

די דאָזיקע אופמונטערונג פילט זיך ניט אין דער איבערזעצונג. -

„דו, כאווער, גלויב, ס׳וועט אופ, עס רייַפט
פון צויבער־גליק דער פרי־באגינען.
ס׳כאפּט רוסלאנד אופ זיך דרייסט און שטייַט
און אף די זעלבסטהערשונג־רוינען
די נעמען אונדזערע פארשרייַבט".

אין „איזוועסטיא" איז ניט לאנג געווען געדרוקט ווערעסאיעווס אן ארטיקל „מיט וואָס איז אונדז טייַער פּושקין". ער ברענגט דאָרט ארויסזאָגונגען פון אן ארבעטער א. ניקיטיטש. דער כ׳ דערציילט וועגן זייַן שווערן לעבן אין צארישן רוסלאנד, וועגן דעם, אז ער איז געווען א האלב יאָר ארבעטלאָז און ער האָט זיך דאן ארומגעטראָגן מיט א געדאנק פון זעלבסטמאָרד. „איך האָב פארלאָרן די האָפענונג אף דעם, אז עס וועט נעמען א סאָף צו דעם דאָזיקן קאָשמאר פון לעבן און דאָ איז מיר בעקומען צו הילף דער גרויסער געני פּושקין, וואָס איז פונקט ווי צו מיר געווענדט אין זייַן באוווסטער ליד „צו טשאאדאיעוון". „כאווער, גלויב..." די דאָזיקע ווערטער פונעם געניאַלן פּאָעט האָבן מיר אומגעקערט דעם גלויבן אינעם אָנקום פון א נייַעם

לעבנ". די ייִדישע איבערזעצונג האָט ניט אזא קראפט, וואָס זאָל ארויסרופנ אזא אופמונטערונג.

אינ אסאכ אונדזערע איבערזעצונגענ איז געביטנ די צײַט און פונ דעמ לײַדט די פינקטלעכקײַט פונ דער איבערזעצונג.

ווענ פושקינ שילדערט א בילד פונ דער פארגאנגענהײַט:

„Стоял он дум великих полн".

אונ דאָס ווערט איבערגעזעצט אינ דער קעגנוואַרט:

„ער שטייט פארטיפט אינ גרויסנ טרוימ". („קופערנער רײַטער").

איז עס געוויס א פארקריפלונג.

דאָס זײַנענ אלצ קלײניקײַטנ. אינ אנ איבערזעצונג האָט אָבער אנ אומבאדײַטנ־דיקע קלײניקײַט זייער א וויכטיקע באדײַטונג. א גראמאטישע קאטעגאָריע פרע־וואלירט דאָ אָפט איבערנ אינהאלט פונ ווערק.

מיר האָבנ דאָ אָנגעוויזנ אפ אייניקע טיפנ פעלערנ—לעקסישע, ריטמיש־סינטאק־סישע, וואָס מיר טרעפנ אינ פארשיידענע איבערזעצונגענ. מיר וועלנ זיכ איצט אָפ־שטעלנ אפ א רײ בלויזנ אינ כ׳ פינינבערגס איבערזעצונג פונ דעמ „קופערנעמ רײַטער".

„דער קופערנער רײַטער" איז איינער פונ די סאמע בעסטע פושקינס ווערק לויט דער רײַכקײַט פונ דער שפראַכ, דער פארשיידנארטיקײַט פונ דער אינטאָנאציע, מוזי־קאלישקײַט פונ ריטמ, לײַכטקײַט אונ באוועגלעכקײַט פונ פערז, הארמאָנישער באהעפ־טונג פונ די קלאנגענ. יעדער געשטאלט, יעדעס בילד, יעדער גדאנק געפינט דאָ אנ אויסדריק אינ דער וואָרט־אינסטרומענטירונג. אינ דער איבערזעצונג איז אינגאנצנ פארשוווּנדנ געוואָרנ די לײַכטקײַט אונ בילדערישקײַט פונ אָריגינאל. די גאנצע פאָ־עמע איז איבערגעזעצט מיט א שווערער שפראַכ.

די אינטאָנאציע אונ ריטמ איז אינ דער איבערזעצונג געענדערט דורכ פארשיי־דענע מיטלענ—דורכ ענדערונג פונ ווערטער־סיידער, סינטאקסישנ געבוי פונ די זאצנ, אונ דער כ׳ פינינבערג האָט נאָכ אנ אייגנארטיקנ מיטל—ארויסווארפנ די פרעדיקאטנ אונ פארבײַטנ זיי אפ טירעענ. צ. ב.:

בא פושקינענ:

„Прошло сто лет."

איבערז. „דורכ—הונדערט יאָר".

בא פושקינענ:

„В гранит оделася нева".

איבערז. גראניט—בא דער נעווא דער ברעג".

בא פושקינענ:

„И вдруг, ударя в лоб рукою".

איבערז. „אונ מיטאמאָל—א קלאפ אינ שטערנ—אונ זיכ צעלאכט".

בא פושקינען:

„Стояли стогмы озерами
И в них широкими реками
Вливались улицы“.

איבערז. „די פּלעצער—אָזערעס צעשפּרייטע
צו זיי די גאסן—טײַכן ברייטע“.

דער כ׳ פינינבערג פרווּוט זיך אפ אן אייגנאַרטיקן אויפן „פאַרפּײַנערן“—פּושקינען. פּושקין שרײַבט גאָר פּאָשעט:

„Уж было поздно и темно“

איבערז. „ס׳האָט שפּעט, ס׳האָט פינצטער אלץ פאַרהילט“.

בא פושקינען: „Но долго он заснуть не мог“.

איבערז. „אין שלאָף פאַרגייען זיך ער קען ניט“.

בא פושקינען: „Сонны очи он наконец закрыл“.

איבערז. „מיטן טיפן טרויער די אויגן ר׳האָט פאַרמאַכט“,

בא פושקינען: „Полнощная царица“,

איבערז. „צאָפן־קייסערין ג ע ט ר ײַ ע!“

צומאָל לייענען מיר ביכלאַל אומגעלומפּערטע זאצן:

„טרויעריק פאַרקלאָגט שווימט, ווי אן אינדזל אום דער פּאַלעץ“.

אין טעקסט:

„Дворец казался островом печалным“.

„ס׳האָט די טיר און לאָדן פון קלייט באַרויקטער
אופגעמאַכט דער דרייסטער הענדלער פעסט פאַרטראַכט
בא וועלט א שונר טאָג פאַרן שאָדן“.

דער כ׳ פינינבערג פאַרבײַט פּושקינס עפּיטעטן אף אומנאַטירלעכע צונויפּזאצן, ווי „אינדזלעכ־לענגען“, „וועלן־זאָט“, „ווינטן־דראנג“, „וועלדער־מיס“, „זומפּן־קנאָט“, „שליטן־שווינדל“, (бег санок), „הערשונג־שטאָט“, „נעפּל־זונ“. מיט צונויפזאצן מיטברויכן ביכלאַל אונדזערע איבערזעצער. דער צונויפזאץ קען ניט פאַרבײַטן דעם עפּיטעט, ער איז צו האַמעטנע און מאַכט די שפּראַך פון ליד שווערוואָגיק.

דאָס זײַנען איינציקע שוואַכע זײַטן און בלויזן אין די ביז איצטיקע איבערזעצונגען פון פּושקינען אף ייִדיש.

די איבערזעצונג־אַרבעט פון פּושקינס ווערק איז אָבער איצט פאַנאַנדערגעוואָקסן. עס גייט א גרויסע שעפּערישע אַרבעט אף דערטראָגן דאָס שאַפן פון דעם גאָניאַלן רוסישן דיכטער צו דעם ייִדישן לייענער אין א הויך־קינסטלערישער איבערזעצונג. עס איז ניט ווײַט די צײַט, ווען דער ייִדישער לייענער וועט באַקומען גאַנץ פּושקינען.

---

מ. דובילעט

# ניקאַלײַ אָסטראָווסקי

ניקאָלײַ אָסטראָווסקי, דער מוסיקער באָלשעוויק, אויסגעכאַוועט דורכנ לעניניש-קאָמיוג, דורכ לענינס פּאַרטיי, האָט געוווּסט ווי אויסצונוצנ זײַנ קורצ לעבנ אינ די אינטערעסנ פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. „דאָס טײַערסטע באַם מענטשנ איז דאָס לעבנ—זאָגט אָסטראָווסקיס העלד פּאַוועל קאָרטשאַגינ—נאָר איינמאָל ווערט עס אים געגעבנ, דאַרפ מענ עס דורכלעבנ אַזוי, אַז ס'זאָל ניט באַנק טאָנ פאַר יאָרנ דורכגעלעבטע אָנ אַ ציל, דאָס פּאָנעם זאָל ניט פלאַמענ פאַר שאַנד איבער דער עקלהאַפטער אונ קליינלעכער פאַרגאַנגענהײַט, אונ שטאַרבנדיק, זאָל מענ קאָנענ זאָגנ: דאָס גאַנצע לעבנ אונ אַלע קויכעס זײַנענ אָפּגעגעבנ געוואָרנ דעמ שענסטנ אינ דער וועלט—דעמ קאַמפּ פאַר דער באַפרײַונג פונ דער מענטשהײַט".

אונ אַזוי טאַקע האָט ניקאָלײַ אָסטראָווסקי געלעבט.

דאָס גאַנצע לעבנ אונ אַלע קויכעס זײַנע האָט ער אָפּגעגעבנ דעמ שענסטנ אינ דער וועלט—דעמ קאַמפּ פאַר דער באַפרײַונג פונ דער מענטשהײַט.

דאָס איז געווענ אַ העראָיִש לעבנ. געבוירנ אינ אַנ אַרבעטער־פאַמיליע (1904), האָט אָסטראָווסקי פונ קינדווײַז אָנ דורכגעמאַכט אַ שווערע שול פונ נויט אונ פּײַנ, אונ נאָכ גאָר יונג, פופצנ יאָר אַלט, טרעט ער אַרײַנ אינ קאָמיוג אונ נעמט אַנ אַקטיווּ אָנטייל אינעמ באַפרײַען אוקראַיִנע פונ די דײַטשישע אונ פּוילישע אָקופּאַנטנ. קאַמפּ—דאָס ווערט די סטיכיע פונ אָסטראָווסקיס לעבנ. אָפּנ פערד אינ די רייענ פונ קאָטאָווסקיס אונ בודיאָניס רײַטער־טיילנ, אָפּ האָלצ־פאַרגרייטונגענ, אינ דער גרענעצ־וואַכ, אינ אַקטיווסטער קאָמיוג־אַרבעט, אומעטום, אָפּ אַלע באַצירקנ פונ קאַמפּ, איז אָסטראָווסקי אינ די ערשטע רייענ.

שפּעטער הייבט זיכ אָנ דער טראַגישער קאַמפּ מיט דער גרויזאַמער קראַנקהײַט. אַ בלינדער, אַ פּאַראַליזירטער, אַ צוגעשמידטער צומ בעט, זוכט אָסטראָווסקי די מעגלעכקײַט אַקטיוו זיכ אײַנצושליסנ אינ דער בויונג פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אונ אָסטראָווסקי גייט אינ דער לעצטער אַטאַקע, ער רײַסט זיכ אַרויס פונעמ אײַזערנעמ רינג, ער מאַכט זײַנ לעבנ נוצלעכ. אָסטראָווסקי ווערט אַ שרײַבער.

אַ מענטש מיט קנאַפּער בילדונג, באַ די שווידערלעכע באַדינגונגענ, אינ וועלכע די קראַנקהײַט האָט אים אוועקגעשטעלט, נעמט זיכ אָסטראָווסקי פלײַסיק צומ לערנענ, ער פאַרענדיקט דעמ ערשטנ קורס פונעמ הינטערויגיקנ קאָמ־אוניווער־

סיטעט, ער שטודירט די קלאַסישע ליטעראַטור. און אין 1932־טן יאָר דערשײַנט
זײַן בוך: „ווי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל“, א ווערק, וואָס ווערט איינס
פון די באַליבסטע ביכער אינעם ראַטנפאַרבאַנד, א ווערק, וואָס צינדט אָן מיליאָ־
נען צום קאַמף און זיג. די רעאַליסטישע שילדערונג־מאַניר, די סיוזשעטישע אָנגעזע־
טיקטקײַט, אַקטועלע פּראָבלעמאַטיק, די ווילנספּולע, מוטיקע בוילעט־געשילדערטע
כאַראַקטערן, ליכטיקער אָפּטימיזם און הויכע אידייִשקײַט—דאָס אַלץ מאַכט
אָסטראָווסקיס בוך פאַר איינעם פון די פאַרכאַפּנדיקסטע ווערק פון דער סאָוועטישער
ליטעראַטור.

דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אָסטראָווסקיס גרויסער טאַלאַנט. די קריטיק האָט עס
ניט גלײַך באַמערקט, דערפאַר האָט עס באַמערקט דער לייענער. דאָס דאָזיקע ווערק
אין וועלכן אָסטראָווסקי האָט פּראָסט און טיף־וואָרהאַפטיק איבערגעדיכטעט זײַן
אייגענע ביִאָגראַפיע, האָט א קאָלאָסאַלן ווערט. דער יונגער שרײַבער האָט דאָ גע־
לונגען געלייזט א רײ וויכטיקסטע פּראָבלעמעס, וואָס שטייען פאַר דער גאַנצער
סאָוועטישער ליטעראַטור.

אָסטראָווסקי גופא האָט אין זיך פאַרקערפּערט די בעסטע שטריכן פונעם נײַעם
סאָוועטישן מענטשן. ער האָט אין זיך בוילעט אויסגעדריקט דעם נײַעם טיפּ שרײַ־
בער, דעם עמעסן פאָלק־שרײַבער. ער אַרבעט אַקשאָנעסדיק, ער איז זייער שטרענג
צו זיך, ער נעמט אָן מיט פרייד יעטווידע קריטישע באַמערקונג. אין זײַן אַרבעט
איז ער געווען פאַרטאָן מיט לײַב און לעבן. די לעצטע כאַראָשים האָט ער אויסער־
געוויינלעך ענערגיש געאַרבעט אַפּ צו פאַרענדיקן זײַן נײַ ווערק „אין שטורעם גע־
בוירענע“ פונקט צום אָנגעמערקטן טערמין—צום 15־טן דעקאַבער. זײַנע לעצטע
געדאַנקען דרייען זיך אַרום זײַן אַרבעט. ער קלערט אָנשרײַבן א נײַעם באַנד פון
„ווי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל“; ער האָט שוין פאַר אים א פאַרטיקן נאָ־
מען: „קאָרטשאַגינס גליק“. אין זײַנע לעצטע שאָען זאָגט ער: „א שאָד, כ'וואָלט
געדאַרפט לעבן כאָטש נאָך איין יאָר, קעדיי צו פאַרענדיקן די אַרבעט. בא מיר
איז נאָך פאַרבליבן אַזויפיל ניט־פאַרענדיקטע אַרבעט“.

וואָס האָט בענערט אָסטראָווסקיס אויסערגעוויינלעכער מוט? זײַן אָרגאַנישע צו־
נויפגעבונדנקײַט מיט זײַן קלאַס, מיט דער פּאַרטיי, מיט דעם קאָמיוג, זײַן גרענעצ־
לאָזע איבערגעגעבנקײַט די אינטערעסן פונעם סאָציאַליסטישן היימלאַנד. אין זײַן
בריוו דעם כאַווער סטאַלין, נאָכדעם, ווי ער איז באַלוינט געוואָרן מיטן לענין־אָר־
דען, האָט אָסטראָווסקי געשריבן: „מיך האָט דערצויגן דער לענינישער קאָמיוג, דער
טרײַער געהילף פון דער פּאַרטיי, און אַזוי לאַנג, ווי עס שלאָגט אין מיר מײַן
האַרץ, ביזן לעצטן אָטעם וועט מײַן גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן ווערן דער באָלשעוויסטי־
שער דערציִונג פונעם יונגן דאָר פון אונדזער סאָציאַליסטישן היימלאַנד.

ס'איז מיר זייער ווייטעקדיק צו טראַכטן, אַז אין די לעצטע קאַמפן קעגן פאַ־
שיזם, וועל איך ניט קאָנען פאַרנעמען מײַן פּלאַץ אין דער שלאַכט־קייט. די אַכזאָר־
יעסדיקע קראַנקהײַט האָט מיך צוגעשמידט צום בעט, דערפאַר אָבער וועל איך מיט
נאָך גרעסערער לײַדנשאַפט דערלאַנגען קלעפּ דעם סוינע מיט אַן אַנדער געווער,
מיט וועלכן ס'האָט מיר באַוואָפנט די פּאַרטיי פון לענין־סטאַלין, וועלכע האָט פון
א וויניק־גראַמאָטנעם אַרבעטער־ייִנגל אויסגעכאָוועט א סאָוועטישן שרײַבער“.

אָסטראָווסקי האָט געהאלטנ זײַנ וואָרט, וואָס ער האָט געגעבנ דעמ גרויסנ פירער. ביז לעצטנ אָטעמ האָט ער מיט זײַנ נײַעמ געווער געקעמפט אינ די אינטערעסנ פונעמ סאָציאַליסטישנ הײמלאנד.

---

די סטיכיי, וואָס הערשט אינ אָסטראָווסקיס בוכ „ווי עס האָט זיכ פארהארטעוועט שטאָל“, איז די סטיכיי פונ קאמפ. קאמפ קעגנ די הערשער פונ דער אלטער וועלט—די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ,—קאמפ פאר נײַע פאָרמעס פונ ארבעט, קאמפ פאר נײַעמ שטײגער, קאמפ פאר דער איבערארבעטונג פונעמ מענטשנ־מאטעריאל. דאָס אלצ קענ מענ אונטערפירנ אונטער אײנ פאָרמול: קאמפ פאר דער נײַער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט. אונ ס'איז דעריבער פארשטענדלעכ, וואָס אינ דער רײַכער פערסאָנאזשנ־גאלעריי פונעמ ווערק פארנעמענ דאָס איבערוועגנדיקע אָרט די בעסטע קעמפער פאר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט—די באָלשעוויקעס אונ קאָמיוגיסטנ.

אינעמ צענטער פונעמ ווערק שטײט פאוועל קאָרטשאגינ. אינ דער דאָזיקער פיגור האָט דער שרײַבער פארקערפערט די בעסטע טיפישע שטריכנ פונעמ יונגנ מענטשנ פונ אונדזער לאנד. קאָרטשאגינס וועג איז דער וועג פונ אונדזער בעסטער יוגנט, וואָס אויסגעכאָוועט דורכנ לענינישנ קאָמיוג, פארהארטעוועט אינ שלאכטנ, פילט זי [illegible] איצט מיט איר איניציאַטיוו אלע ווינקעלעכ פונעמ גרויסנ לאנד.

די קאָרטשאגינ־געשטאלט איז א דערגרײכונג ניט נאָר אינ אָסטראָווסקיס שעפערישנ וועג. דעמ יונגנ ניט־דערפארענעמ שרײַבער האָט זיכ דאָ אײַנגעגעבנ צו לײזנ א רײ פראָבלעמעס, וואָס זײַנענ אקטועל פאר דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור.

ס'איז א פאקט: דער פּאָזיטיווער העלד גיט זיכ דערווײַל ווײניק אײַנ אונדזערע שרײַבער. אינ „ווי עס האָט זיכ פארהארטעוועט שטאָל“ פארנעמט דאָס צענטראלע אָרט דער פּאָזיטיווער פערסאָנאזש, אונ דער פּאָזיטיווער פערסאָנאזש איז גראָד אמגעלונגסטנ געגעבנ אינעמ ווערק. אָסטראָווסקי שילדערט פאוועל קאָרטשאגינענ אינ די פארשײדנסטע סיטואציאס: אינ בירגער־קריג, אינ פרידלעכער אויפבוי־ארבעט, אפ קאָמיוגיש־פארטײיִשער ארבעט, אינ אינטימע איבערלעבונגענ,—שטענדיק אונ אומעטומ איז עס א לעבעדיקע פולבלוטיקע געשטאלט.

אָסטראָווסקי האָט ריכטיק אויפגעכאפט אונ בוילעט געשילדערט דעמ פּאַפאָס פונ קאָרטשאגינס כאראקטער: דאָס איז די גרויסע ליבע צו זײַנ קלאס. דאָס איז גלײַכצײַטיק די גרויסע סינע צו די פײַנט פונ זײַנ קלאס. דער דאָזיקער פּאַפאָס נערט די גרונט־אײגנשאפטנ פונ קאָרטשאגינס כאראקטער: זײַנ קעמפערישקײַט, אַקטיווקײַט, אנטשלאָסנקײַט אונ איניציאַטיוו. ער גיט זיי אויכ די געהעריקע ריכטונג. די איבערגעגעבנקײַט צומ ארבעטער־קלאס ברענגט עס קאָרטשאגינענ אינ א נאָענטנ באריר מיט די קעמפער פאר דער גליקלעכער צוקונפט פונעמ ארבעטער־קלאס, מיט די באָלשעוויקעס, אונ די ווערטפולע אײגנשאפטנ פונ קאָרטשאגינס כאראקטער ווערנ אריבערגעפירט אפ די רעלסנ פונ אָרגאניזירטנ סאָציאַלנ קאמפ. די באגעגעניש מיט זשוכרײַענ, דעמ דאָזיקנ אײַזנ־פעסטנ באָלשעוויק, זי האָט עס גע־

האט די אנטשיידנדיקע ווירקונג אפ דער אויסבילדונג פונ קאָרטשאגינס כאראקטער. „דאָס ערשטע מאָל האָט ער (קאָרטשאגינ מ. ד.) דערהערט פונעמ מאטראָס אזויפיל רעגנדעס, וויכטיקעס אונ נײַעס, אונ די האָזיקע טעג זײַנעג געוואָרנ פארנ יונגנ קאָטשעגאר די אנטשיידנדיקסטע". אינ הארטנ קאמפ מיט די סאָנימ פונ די ארבעטנדיקע, אינ א פעסטער באָלשעוויסטישער ארומרינגלונג, ווערט פארהארטעוועט דאָס שטאָל, אונ קאָרטשאגינ באקומט די טיפּישע שטריכנ פונעמ נײַעמ סאָוועטישנ מענטשנ: אידייִשקײַט אונ פרינציפּיִעלקײַט, מאָראלישקײַט אונ אײַזנ־פעסטנ ווילנ, באשיידנקײַט אונ געפיל פונ זעלבסטווירדע, כאוועֶרשאפט, ליבע צו ארבעט.

דער העלד איז ברייט אונ אלזײַטיק געשילדערט. אָסטראָווסקי האָט דאָ נאָכגעפאָלגט די בעסטע טראדיציעס פונ דער קלאסישער ליטעראטור. ער גיט דעמ העלד אינעמ ביאָגראפישנ שניט, ער ווײַזט אימ אינ פארשיידענע פעריאָדנ פונ זײַנ לעבנ, אינ פארשיידענע סוויוועס, בא די פארשיידנסטע סיטואציעס. ער גיט אימ אזויארומ די פולע מעגלעכקײַט צו אנטפּלעקנ די גרונט־אייגנשאפטנ פונ זײַנ כאראקטער אינ זייער דינאמישנ ווּקס אונ בא די פארשיידנסטע געלעגנהײַטנ.

די שול־באנק, פאוועלס ערשטער קאָנפליקט מיטנ סוינע (דער גאלעכ טרײַבט אימ ארויס פונ שול); די ערשטע שריט אפ דער ארבעט, ווו „פאוועקע האָט ארײַנגעקוקט אינ דער סאמע טיפעניש פונעמ לעבנ, אינ זײַנ דעק"; אָגנוויקס פונ סטיכייִשנ האס צו די אונטערדריקער (די סינע צומ זונדל פונ רײַכנ אדוואָקאט לעשטשינסקי: „ער סטארעט זיכ אפ די פינגער אָנצוטרעפנ, ווײַל ער איז רײַכ אונ אלצדינג מעג ער, אונ איכ שפּײַ אפ זײַנ רײַכקײַט... אזעלכע דארפ מענ לערנענ מיטנ פויסט"); ערשטע ליבע (כוואליעס פונ סימפּאטיע אונ אנטיפּאטיע צומ פרעמדנ בורזשואזנ מיידל); סטיכייִשער ארײַנטריט אינ דער רעוואָליוציע (דאָס באפרײַענ זשוכרײַענ); אפנ פראָנט קעגנ די אָקופּאנטנ; אפ די האָלצ־פארגרייטונגענ; אינ די אײַזנבאנ־ווארשטאטנ; קאמפ פאר ארבעט־דיסציפּלינ; קאמפ פאר ריינקײַט אינ צעכ; קאמפ פאר נײַעמ שטייגער; קאמפ קעגנ די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטנ; אונ, ענדלעכ, געראנגל מיט דער גרויזאמער קראנקהײַט. אָט דאָס איז די ברייטע ראמ, אינ וועלכער סע באוועגט זיכ די קאָרטשאגינ־געשטאלט. די קראנקהײַט ניט נאָר זי פירט ניט ארויס קארטשאגינענ פונ דער שערענגע קעמפער, פארקערט, זי גיט די געלעגנהײַט צו אנטפּלעקנ די וויכטיקסטע אייגנשאפטנ פונ זײַנ כאראקטער. דאָ ווערט ער אויסגעפּרוּווט אפנ בוילעטסטנ אופנ, אונ דאָ זיגט ער.

„ער האָט געװאָלט צו לעבנ אונ ניט נאָר אליינ האָט ער געוואָלט זיכ, נאָר אויכ אנדערע אונטערגעטריבנ". אזוי כאראקטעריזירט אָסטראָווסקי זײַנ העלד. אונ אז קאָרטשאגינ קאָנ זיכ שוינ ניט באוועגנ, אז זײַנע אויגנ ווערנ פארלאָשנ אונ ער פארלירט, דאכט זיכ, יעטווידע מעגלעכקײַט פונ קאָנטאקט מיטנ ארומ, שטעלט זיכ פאר אימ די פראגע וועגנ זינ פונעמ לעבנ. „קאָרטשאגינ האָט מיט די הענט ארומגעכאפּט דעמ קאָפּ אונ זיכ שווער פארטראכט. פאר זײַנע אויגנ איז דורכגעלאָפנ זײַנ גאנצ לעבנ, פונ דער קינדהײַט אונ ביז די לעצטע טעג. גוט צי שלעכט האָט ער דורכגעלעבט זײַנע פיר אונ צוואנציק יאָר? איבערקלײַבנדיק אינ זיקאָרנ א יאָר נאָכ א יאָר, האָט ער קאָנטראָלירט זײַנ לעבנ, ווי אנ אָנפּניִעסדיקער ריכטער, אונ מיט טיפער באפרידיקונג האָט ער באשלאָסנ, אז דאָס לעבנ איז דורכגעלעבט שוינ

גאָרניט אזוי שלעכט. אָבער ס'זײַנען געווען ניט ווייניק פעלערן, וואָס זײַנען גע־
מאכט געוואָרן מאכמעס נארישקײַט, מאכמעס יונגקײַט, און מער פון אלץ איבער
ניט וויסן. דעריקער אָבער: ער האָט ניט פארשלאָפן די הייסע טעג, ער האָט גע־
פונען זײַן פלאץ אינעם הייסן געראנגל פאר דער מאכט, און אף דער העל־רויטער
פאָן פון דער רעוואָליוציע איז פאראן אויך זײַנע עטלעכע טראָפנס בלוט". אזא
איז דער סאכאקל פונעם דורכגעגאנגענעם לעבן. אָבער וואָס ווײַטער? פאוולען דוכט
זיך, אז ער האָט פארלוירן דאָס טײַערסטע—די מעגלעכקײַט פון געמען אָנטייל אי־
נעם קאמפ פאר סאָציאַליזם. ער וויל זיך ניט באנוגענען מיט קיין געוויקסן־לעבן:
עסן, טרינקען און שלאָפן. ס'שווינדלט דורך א געדאנק וועגן זעלבסטמאָרד. „האָסט
בעקאָנט ניט שלעכט לעבן, אין קע[illegible] צו דער צײַט. ווער וועט פארורטיילן
א קעמפער, וואָס וויל ניט אגאָניזירן?" דאָס איז אָבער א געדאנק אף א ווײַל.
פאוועל געפינט די מעגלעכקײַט זיך אײַנצושליסן אינעם קאמף פון זײַן קלאס מיט א
א נײַעם געווער. „צען יאָר האָבן די פארטיי און דער קאָמיוג מיך דערצויגן אין
דער קונסט פון ווידערשטאנד, און די ווערטער פונעם פירער האָבן א שײַכעס אויך
צו מיר: „ניט פאראן אזעלכע פעסטונגען, וואָס די באָלשעוויקעס זאָלן זיי ניט נע־
מען". פאוועל ווערט א שרײַבער. מיט א נײַ געווער אין די הענט קערט ער זיך
אום אין די רייען פון די קעמפער.

אזוי האָט אָסטראָווסקי אין דער קאָרטשאגין־געשטאלט געלייזט די פראָבלעם
פונעם פאָזיטיוון העלד. דערמיט גופע איז געלייזט געוואָרן א צווייטע וויכטיקע
פראָבלעם.

מיר פאָדערן פון אונדזער ליטעראטור, זי זאָל שאפן דעם העלד, וועלכער זאָל
אונדז דינען אלס מוסטער, בא וועלכן מיר זאָלן זיך לערנען, וועלכן מיר זאָלן וועלן
נאָכטאָן. אזא העלד האָט געשאפן אָסטראָווסקי. דער קעמפערישער, איניציאַטיוו־
פולער, אָפטימיסטישער, ווילנספולער, הויכמאָראלישער, איבערגעגעבענער מיט לײַב
און לעבן דער פארטיי פאוועל קאָרטשאגין איז דער באַליבסטער העלד פון אונדזער
יוגנט, א העלד, אין וועלכן עס זײַנען גלענצנד פארקערפערט די בעסטע טיפישע
שטריכן פונעם קאָמיוגישן שייוועט, א העלד, אף וועלכן די יוגנט לערנט זיך. „ווי
עס האָט זיך פארהארטעוועט שטאָל" פארהארטעוועט אונדזער יוגנט אין איר טאָג־
טעגלעכער ארבעט, אין אירע צוגרייטונגען צו די ווײַטערדיקע אנטשיידנדיקע
שלאכטן.

אין דער קאָרטשאגין־געשטאלט איז אויך ריכטיק געלייזט געוואָרן די פראָבלעם
פון טיפ און אינדיוויד. קאָרטשאגין איז, פארשטייט זיך, אן אינדיווידואליזירטע גע־
שטאלט. אזא קאָרדינאלער שטריך אין זײַן לעבנס־געשיכטע, ווי די קראנקהײַט, איז
אן אינדיווידועלער פאל, אָבער אפן דאָזיקן אינדיווידועלן לעבן־פאל ווערן אויס־
געפרוווט די טיפישע שטריכן פון א פעסטן באָלשעוויק. אזוי האָט דער שרײַבער־
באָלשעוויק געלייזט די מוירעדיקע פראגע אין קאָרטשאגינס פערזענלעכן גורל.

פאוועל קאָרטשאגין איז ניט די איינציקע פאָזיטיווע געשטאלט אינעם בוך „ווי
עס האָט זיך פארהארטעוועט שטאָל". קאָרטשאגין איז געגעבן אין א ברייטער ארום־
רינגלונג פון פאָזיטיווע העלדן. דאָס זײַנען אין זייער גרעסטער מערהײַט קאָמ־
יוגיסטן און פארטייער. דער שרײַבער האָט געשטרעבט די אלע געשטאלטן געבן

אינדיווידואליזירט. דער הארטער זשוכרײַ, דער גוטמוטיקער טאָקאראָוו, דער ענערגישער ליסיצינ, די שטרענגע אונ גלײַכצײַטיק לירישע אוסטינאָוויטש, דער אימפּעטפולער זשארקי, דער געלאסענער איגנאט אונ אנדערע,—דאָס זײַנענ אַלצ אײגנארטיקע פיגורנ, יעדע מיט איר ביאָגראפיע, יעדע מיט א באזונדערנ כאראקטער. ניט אַלע געשטאַלטנ האָבנ זיכ דאָ אײַנגעגעבנ דעם שרײַבער. מערער געלונגענ האָבנ זיכ באקומענ: אוסטינאָוויטש—א גלענצנדיקע געשטאַלט פונ א קאָמיוגיסטקע, זשוכרײַ, זשארקי, טאָקאריעוו אונ איגנאט.

דורכ דער דאָזיקער סיסטעמ געשטאַלטנ באווײַזט אָסטראָווסקי אפ א בוילעטנ אויפנ די אָרגאניזירנדיקע ראָל פונ דער פארטײ אפ אַלע באצירקנ פונ קאמפ, אינ אַלע אנטשײדנדע מאָמענטנ. די באָלשעוויסטישע גרופּע אינעמ אָקופּירטנ שטעטל ווערט אָרגאניזירט דורכ זשוכרײַענ; די ערשטע קאָמיוג־אָרגאניזאציע שאפט איגנאטיעווע, די מאכט אינעמ אָקאָרשט־באפרײַטנ שטעטל ווערט אָרגאניזירט דורכ דאָלינינ; דעמ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ אופשטאנד ליקווידירט זשוכרײַ, ער גיט אויכ אופ דעמ פּלאנ וויִארומ צו באזאָרגנ די שטאָט מיט הײצונג א. א. וו. א. א. וו. אומעטומ שטײענ אינ דער שפּיצ באָלשעוויקעס.

אינ בוכ זײַנענ אויכ געשילדערט נעגאטיווע געשטאַלטנ. דאָס זײַנענ מעשטשאנישע עלעמענטנ (אווטאָנאָמ פּעטראָוויטש, נעראסימ לעאָנטיעוויטש, א. אנד.) צופעליקע מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ ארײַנגעשמוגלט אינ פּארטײ אונ קאָמיוג (טשוזשאניג אונ ראזוואַליכינ), קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע כראָבצקיסכנ (דובאווע, טופּטע, צוועטײַעוו א. אנד.), די באנדיטישע אטאמאנענ.

ארומ דער געשטאַלט פונ פּאוועל קאָרטשאגינ איז אָרגאניזירט דער גאנצער מאטעריאַל פונעמ בוכ „ווי עס האָט זיכ פארהארטעוועט שטאָל“. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, די פעוראַל־רעוואָליוציע, די ערשטע טעג ראטנמאכט, די דײַטשישע אָקופּאציע אינ אוקראינע, דער בירגער־קריג, די פּויליש־סאָוועטישע מילכאָמע, דער אופשטעל־פעריאָד,—אפנ דאָזיקנ ברײטנ פאָנ ווערט געגעבנ פּאוועל קאָרטשאגינס לעבנס־באשרײַבונג. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע ווערט געוויזנ מיט די אויגנ פונעמ קלײנעמ פּאוועל, וואָס ארבעט אפנ סטאנציע־בופעט. „דאָ אפנ וואָקזאַל זײַנענ זיכ צונויפגעגאנגענ אונ זיכ צעלאָפנ אינ פארשײדענע זײַטנ הונדערטער עשאלאָנענ. פונ פראָנט אפ פראָנט. פונ דאָרטנ—מיט צעקאַליעטשעטע, צעדרויבלטע מענטשנ, אונ אהינ—מיט א שטראָמ נײַע מענטשנ אינ גרויע אײנארטיקע שינעלנ“. קורצע עטלעכע שורעס,—אונ מיר זעענ פאר זיכ די מילכאָמע אינ איר גאנצנ בלוטיקנ אויסזען. עטוואָס גענויער, אָבער אויכ שטארק געפרעסט, אונ דערבײַ זײער טרעפלעכ ווערט געוויזנ די פעוראַל־רעוואָליוציע אינ שטעטל. „ס'זײַנענ אדורכ טעג, ראשיקע, אָנגעזעטיקטע מיט אופרעגונג אונ מיט פרײד. ס'איז אָנגעקומענ א שטילשטאנד, אונ נאָר די רויטע פאָנ אפ דער געבײַדע פונ דער שטאָט־פארוואַלטונג, ווו ס'האָבנ זיכ פארפעסטיקט די מענשעוויקעס אונ בונדאָווצעס, האָט גערעדט וועגנ דער פאָרגעקומענער ענדערונג. אַלצ דאָס איבעריקע איז געבליבנ ווי פריִער“. דאָס גרעסטע אָרט אינ בוכ פארנעמט די שילדערונג פונעמ בירגער־קריג אינ אופשטעל־פעריאָד. דער שרײַבער פירט דאָ ארויס קאָרטשאגינענ פונעמ קלײנעמ שטעטל שעפּעטאָווקע אונ נעמט אימ פירנ איבער אַלע ברײטנ פונעמ לאנד.

אָסטראָווסקי איז א רעאליסט. זײַנ בוכ האָט א גרויסנ דערקענטעניש־ווערט. אָסטראָווסקי זעט די ווירקלעכע באוועג־קויכעס פונ דער רעוואָליוציע. ער ווײַזט די טענדענצנ פונ איר ווײַטערדיקער אנטוויקלונג.

סע דערמאָנט זיכ די שילדערונג פונ די האָלצ־פארגרייטונגענ. די שטאָט נייטיקט זיכ אינ הייצונג. די שעדיקער האָבנ פארגרייט האָלצ ווײַט פונ דער אײַזנבאנ־סטאנציע. ס'איז אויכ ווײַט צומ נאָענטסטנ דאָרפ. אפ צו ברענגענ דאָס האָלצ אינ שטאָט פאָדערט זיכ א קאָלאָסאלע צאָל פורנ, וועלכע ס'איז אומעגלעכ צו קריגנ. דער איינציקער אויסוועג: אינ מעשעכ פונ דרײַ כאדאָשימ צײַט מוז צוגעבויט ווערנ א ליניע צו דער אײַזנבאנ־סטאנציע. די באדינגונגענ זײַנענ שווידערלעכע. די דערנערונג איז א שוואכע, וווינענ קומט אויס אינ א געבײַדע אָנ פענצטער, די בויונג־מאטעריאלנ זײַנענ באגרענעצט, די ארבעט־קראפט איז א קליינע און ניט קיינ דערפארענע, ארומ אונ ארומ נישטערנ באנדיטנ. איינציקע האלטנ ניט אויס. די מערהײַט אָבער ארבעט באגײַסטערט. ס'אנטוויקלט זיכ א געוועט צווישנ באזונדערע גרופעס, אונ די ארבעט ווערט פארטיק פונקט צומ טערמינ. „מיט פארוווּנדערונג, רײַבנדיק זיכ די שלייפנ, האָט ער זיכ געפרעגט (דער טעכנישער אָנפירער פאטאָשקינ. מ. ד.): וואָס זײַנענ עס פאר א מענטשנ? וואָס איז עס פאר אנ אומפארשטענדלעכע קראפט?.. די דאָזיקע מענטשנ ברעכנ מיט זייער ארבעט אלע אויסרעכענונגענ אונ נאָרמעס". אָסטראָווסקי ווײַזט אונדז דאָ אינ אָנהייב פונ אופשטעל־פעריאָד בוילעטע מאָמענטנ פונ שלאָגלערישער ארבעט, וואָס וועט שפעטער אריבערוואקסנ אינ דער מעכטיקער סטאכאנאָווישער באוועגונג.

נאָכ א בײַשפיל. נאָכ א מוירעדיקנ געשלעג אינ דאָרפ איבער די מעזשעס צעשמועסט זיכ דער אלטער ערד־מעסטער מיט קאָרטשאגינענ וועגנ דעמ אומופהערלעכנ דרויבלענ די פעלדער: „איכ פארזיכער אײַכ, אז אינ צוואנציק יאָר ארומ וועלנ די פעלדער פארוואנדלט ווערנ אינ, הוילע מעזשעס, אונ ס'וועט ניט זײַנ וווּ צו זייענ". „קאָרטשאגינ האָט א שמייכל געטאָנ: אינ צוואנציק יאָר ארומ וועט בא אונדז קיינ אײַנ מעזשע ניט בלײַבנ, כאווער ערד־מעסטער". דאָס איז אָנגעוווּנקענ אפ דער קאָלווירטישער איבערבויונג פונעמ דאָרפ.

אינ זײַנ שילדערנ די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע אינעמ קאָמיוג ווײַזט אָסטראָווסקי די שעדלעכע עלעמענטנ, וועלכע גייענ נאָכ טראָצקינ אינ זײַנ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערנ שטרעבונג אָפּצורײַסנ די יוגנט פונ דער פארטיי: דאָס איז דער וויסטער בירראָקראט טופטא, דער קאריעריסט צוועטײַעוו, דער געוועזענער מיטגליד פונ דער אזויגערופענער „ארבעטער־אָפּאָזיציע" דובאווע אונ אנדערע. די אלע לײַט קעמפנ מיט די העסלעכסטע, נידערטרעכטיקסטע מיטלענ קעגנ דער פארטיי. ווענ זיי איבערצײַגנ זיכ, אז זיי האָבנ ניט קיינ שומ באָדנ אינ קאָמיוג, באשליסנ זיי פארטײַענ זיכ אינ דער פארטיי, קעדיי אָפּצורײַסנ זי פונ אינעווייניק. אינעמ ווײַטערדיקנ גוירל פונ דובאווע, וועלכער האָט זיכ אינגאנצנ פאנאנדערגעלייגט, גיט אָסטראָווסקי אנ אָנצוהערעניש וועגנ דעמ גוירל, וואָס דערווארט אָט די אלע, וואָס האָבנ זיכ נאָכגעשלעפט נאָר טראָצקינ: דעמ זעלבנ דובאווע טאקע קאָנ זיכ דער לייענער גרינג פאָרשטעלנ מיט א פאשיסטישער באָמבע אינ האנט.

„ווי עס האָט זיכ פארהארטעוועט שטאָל" איז א פארטייִש ווערק. די פארטייִש־

קײַט דרינגט דורכ דאָס גאנצע געוועב פונעם ווערק. זי גיט עס צו אָסטראָווסקיס בוכ הויכע אידייִשקײַט, שארפע לײַדנשאפט, ליכטיקן אָפטימיזם, צארטע לירישע טענער אינ דער שילדערונג פונ פרײַנט, בייזע סאטירע אינ דער שילדערונג פונ פײַנט. ניט אומזיסט האָבנ די אוקראיִנישע נאציאָנאליסטנ, וואָס האָבנ זיכ געהאט געפונענ א נעסט אינעם פארלאג „מאָלאָדי בילשאָוויק", סאבאָטירט דאָס ארויסגעבנ אָסטראָווסקיס בוכ. זיי האָבנ געזענ אינ דעם א שארפ פארטייִש געווער קעגנ זייערע העסלעכע נאציאָנאליסטישע „אידייענ".

---

דאָס צווייטע ווערק אָסטראָווסקיס „אינ שטורעם געבוירענע" שילדערט די זעלבע עפּאָכע אנערעכ, ווי דאָס ערשטע ווערק זײַנס. אינעם ערשטנ טייל ווערט געשילדערט דער אָנהייב פונ פארטיזאנישנ קאמפ קעגנ דער פריצישער פוילנ; דער צווייטער אונ דריטער טייל האָבנ לויט אָסטראָווסקיס פארטראכט געדארפט ווײַזנ דעם קאמפ מיט דער פעטליורעווטשטשינע, די פויליש-סאָוועטישע מילכאָמע פונ 1920-טנ יאָר אונ די באפרײַונג פונ אוקראיִנע פונ די פוילישע אָקופאנטנ. ווי דער ערשטער בוכ אָסטראָווסקיס, איז „אינ שטורעם געבוירענע" אויכ א ווערק פונ „גרויסנ אָטעמ". ווי דאָרט, אזוי אויכ דאָ שוויבלט אונ גריבלט מיט מענטשנ; דאָס ווערק איז אידייִש אָנגעזעטיקט, שארפ סיוזשעטיש, געשריבנ מיט גרויס לײַדנשאפט. די גרונט-טעמע איז דאָ די זעלבע—די ארבעטער-יוגנט, וואָס וואקסט אויס אונ פארהארטעוועט זיכ אינעם שטורעם פונ דער רעוואָליוציע. די דאָזיקע יוגנט פארנעמט דעם צענטער פונעם ווערק. אינ זײַנ נײַעם ווערק שילדערט אָסטראָווסקי ברייט דעם לאגער פונעם סוינע.

„אינ שטורעם געבוירענע" ווײַזט אָסטראָווסקיס שעפערישנ וווקס. עס פילט זיכ אינ דעם דאָזיקנ ווערק אנ אויסגעוואקסענער מײַסטער. צום באדויערנ, איז „אינ שטורעם געבוירענע" פארבליבנ ניט פארענדיקט.

---

די ליטערארישע ירושע, וואָס אָסטראָווסקי האָט אונדז איבערגעלאָזט, האָט אנ אויסשליסלעכע ווערט. דער העלד פונ אונדזער עפּאָכע, וואָס אָסטראָווסקי האָט אים אזוי בוילעט געשילדערט, ווערט די צענטראלע טעמע פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור. מע קאָנ זאָגנ מיט פולשטענדיקער זיכערקײַט, אז פאווען קאָרטשאגינ וועט דינענ אלס פראָטאָטיפ פאר א גאנצער גאלעריי העלדנ, וואָס די סאָוועטישע ליטעראטור וועט שאפנ אינ מעשעכ פונ איר ווײַטערדיקער אנטוויקלונג.

---

# ‚עס גייט דער שניט‘‘

ש. ראָסינ—לידער, מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד. מינסק. 1935 י. 138 ז.)

ש. ראָסינס לידער מאכנ אפנ לייענער אנ אײַגנארטיקנ אײַנדרוק. דאָס איז יענער אײַנדרוק, וואָס מענ באקומט, ווענ מע הערט וועגנ זאכנ באקאנטע אינ א נײַער אופאסונג, ווענ מע זעט דאָס פארגאנגענע אינ א נײַער שײַנ, אָדער מע קוקט אפנ דורכגעגאנגענעם לעבנ דורכ א נײַער פערספעקטיוו. אזא אוטאָ־כאראקטעריסטיק האָט דער דיכטער אמאָל אליינ געגעבנ זײַנער א ליד:

מע האָט דערפונ אזויפיל שוינ געשריבנ אונ גערעדט,
אז ס'איז שוינ עפשער ניט קעדײַ דערפונ צו ריידנ,—
נאָר קיינמאָל איז ניט איבעריק, ניט שפעט
דאָס וואָרט, וואָס עכט איז אונ באשיידנ.

ראָסינס טעמאטיק איז ניט שטענדיק נײַ, נאָכמער: זי איז באם דיכטער אליינ ניט שטענדיק נײַ, עס כאזערנ זיכ בא אים איבער מאָטיוונ, באזונדערע בילדער אונ אפילע גראמענ. די פּאָעטישע עכטקײַט פונ די לידער דארפ אָבער אָפּגעשאצט ווערנ מיט זייער נײַ־געשאפענער דיכטערישער אידיי, מיט זייער אומיטלבארנ לירישנ געפיל אונ לירישער באוועגונג, וואָס איז אײַכ „ווי א שוועסטער אופריכטיק אונ נאָענט".

שוינ אינ דער באקאנטער באלאדע ראָסינס „בערל בעקער" (1923 י.) זײַנענ בולעט געווענ אָט די מײַלעס פונ ראָסינס דיכטונג. דער דיכטער האָט גענומענ בלויז קאָנטורנ פונ באקאנט־געוואָרענע סיטואציעס פונ בירגער־קריג, ער האָט ניט אויסגעבויט פונ זיי קיינ נײַעם סיוזשעט. ער האָט אָבער געשילדערט די געשעענישנ מיט ליבע, מיט צארטקײַט, ער האָט אינ דער טעמע קאָנצענטרירט באשטימטע גרונט־שטריכנ פונעם בירגער־קריג—העראָאִישקײַט, אָפּפער, אינטערנאציאָנאליזמ,—דאָס האָט געמאכט די בילדער פאָלקסטימלעכ־נאָענט, רעוואָליוציאָנער־אייגנ (אגעוו, האָט אפילע דער נאָמענ באלאדע פאר אזעלכע פרישע אינ זיקאָרנ געשעענישנ צוגעגעבנ זיי טיפקײַט, שטרענגקײַט פונ אויסערגעוויינלעכקײַטנ, וואָס זײַנענ, הייסט עס, געשאפנ געוואָרנ פאר אונדזערע אויגנ).

ווענ מע וואָלט געשטעלט די פראגע אינ וואָס באשטייט דער פּאפאָס פונ ראָסינס דיכטונג? וואָס הויבט די דיכטערישע טעמפעראטור פונ זײַנ שאפנ?—וואָלט מענ אפ דעמ געדארפט ענטפערנ, אָנווײַזנדיק סאקע אפ דעמ פּאָשעטנ, באשיידענעמ צוגאנג צו דער טעמע, אפ דער עמאָציאָנעלער לירישער דערנענטערונג פונ דער אידיי אינ דער ליד.

ראָסינ האָט זייער ליב צו שאפנ אנאלאָגיעס ביט דער פארגאנגענהײַט, נעמענ ביאָגראפישע מאָמענטנ,—די אייגענע קינדהײַט, דער טאטע, די מאמע, דער אומגע־קומענער ברודער אינ בירגער־קריג—ווי ער וואָלט אלעמאָל אונ פונדאָסנײַ אָפגע־שאצט זײַנ לעבנס־דערפארונג. אינ א פריִער ליד זאָגט ער מיט באגײַסטערונג:

אפ אלע טעג מײַנע, צעשטויבטע אונ צעשאָטענע,
גייט אופ אצינד א נײַע שײַנ.

אינ א שפּעטערדיקער ליד זאָגט ער דאָס זעלבע שטארקער:

זינט כ'האָב דערפילט מײַנ אויסגעגלײַכטנ אקסל,
אפ אויסגעלייזטער ערד איכ האָב גענומענ גײנ,
בינ איכ בא זיכ אליינ ווי אויסגעוואקסנ,
בינ איכ געוואָרנ טײַערער בא זיכ אליינ.

אָדער אינ איינער פונ זײַנע לעצטע לידער:

מיר דאכט זיכ—איכ הייב ערשט אָנ לעבנ
אפ גאָר אנ אנדער ערד.

אינ זײַנ לידער־זאמלונג „צו אלע צו אונדז“ (דערשינענ אינ 1929 י.) איז דער דיכטער נאָכ געווענ באווירקט פונעם סימוואָליזם. אינ א ריי לידער באגעגענענ מיר זײַנ „גרונטלאָזנ ווײ“ אונ „פרוכטלאָזנ אומעט“, אבסטראקטע, ווײַטע בילדער־אלעגאָ־ריעס. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ אפילע ראָסינס פּאָעמעס „שײַנ“ (1921 י.) אונ „היימ“ (1928 י.), קעדיי צו זענ וויאזוי דער סימוואָליזם האָט זײַנ „בליק פארהײַטלט“, וויאזוי אפילע אינ אָט די פּאָעמעס, אינ וועלכע עס ווערנ באזונגענ סאָציאל־ווערטפולע דערשײַנונגענ פונ דעמ דיכטערס ביאָגראפיע, דרינגט דורכ דער סימוואָליסטישער שטראָם.

ווי א הארבסטיקער, א שפּעטער גייער,
כ'גיי דורכ אצינד פאר זיכ אליינ...
(„היימ“).

א „שפּעטער גייער“... א „הארבסטיקער“ בליק... „שווארצע פּאָנענ“... „עלנטע שטילקײַט פונ שפּעט“... די ווענדונג צו זיכ אליינ,—אינ דעמ דאָזיקנ סימוואָליסטישנ נעפּל האָט זיכ געראנגלט ראָסינס רעאלע וועלט־עמפּינדונג, וואָס איז געלעגנ אינ גרונט פונ „בערל בעקער“, אינ די נאטור־לידער „פונ פולנ קרוג“ אונ אינ די געזונטע דערינערונגענ פונ זײַנ ארבעטער־לעבנ.

אינ דעמ נײַעמ בוכ לידער שטייט ראָסינ שוינ פאר אונדז אינגאנצנ א באפרײַטער. „עס גייט דער שניט“ איז דורכויס אינ א רעאליסטישנ פלאנ. אמאָל, אינ די יאָרנ פונ סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע אינ לאנד, האָט ער אזוי פּאָרזיכטיק געבעטנ זיכ בא זײַנ דיכטערישנ געוויסנ:

איז זאָל מיר זײַנ דערלויבט הײַנט
בענקענ נאָכ מײַנ מאמענ
אריבער אלע אופגעריכטע קעפּ.
(„רוסלאנד“)

איצט איז דער פערזענלעכער מאָטיוו ניט אָפּגעטיילט בא אים פונעם בירגער־מאָטיוו. ווען דער דיכטער שטייט פארן ראַדיאָ־רופּאָר און רעדט פון „מאָסקווע דער הויפּטשטאָט“ צו דער גאנצער וועלט וועגן לעבנס, שטעט און פּלעצער, „וואָס ווערן געענדערט ביז גרונט“, איז די מאמע (וואָס האָט געליטן נויט און פּײַן) ניט קיין אָביעקט פאר עלנטע בענקען, פאר פארייניזאמטע טרויער, נאָר זי שטייט פארן דיכטערס אויגן, ווי א פולבארעכטיקטע בירגערין, וועלכע האָט פארדינט מיט איר לײַדן דאָס באַנײַטע פריידיקע לעבן:

ס'איז גאָרניט געגאנגען פארלאָרן,
אין טוי ווערט פארוואגדלט דײַן טרער
אף פעלדער פון ווייץ און פון קאָרן,
אף אונדזער אלעמענס ערד.

(„מאמע, דו הערסט!“)

דער דיכטער האָט אפילע געשאפן פאר זיך א נײַעם קינסטלערישן טערמין „פרוכט־בארן בענקען“. אזוי גייט ער ארום מיט זײַנע אלטע דערינערונגען־געשטאלטן, ער פארטיפט זיי און באזיניקט זיי אף א נײַעם אויפן. מיט דער געשטאלט פונעם טאטן, וועלכער איז געפאלן אונטערן יאָך פון דער מאסע אף די זומפיקע צארישע וועגן, קרײַזט ער איצט אום אף אלע אספאלט־באגאָסענע שליאכן, ער גייט באגעגענען די העלדן פון קאראקומער מארשרוט, ער קוקט זיך צו צו די גיגאנטישע סאָציאַלי־סטישע בויונגען. און ווידעראמאָל: דער נײַ־אקצענטירטער בירגער־מאָטיוו:

ס'איז זײַן בלוט פארקנאָטן
דאָ אין יעדן זעמדל.
— — — — — — — —
צווישן בויער אלע
שטורעמט הויך זײַן קאָל דאָרט.

די טעמע באנײַטע „יוגנט“ איז דער אינהאלט פון א ריי לידער, ווי א לירי־שער באגלייט־מאָטיוו איז זי אריינגעוועבט אין דעם גרעסטן טייל לידער.

שטארקער, קרעפטיקער, אף אסאך א ברייטערער טעמאטיק איז אין דעם איצטיקן בוך לידער אויסגעדריקט דעם דיכטערס הייסער פאטריאָטיזם. קוקט ער אף די פריילינגדיקע קאָלווירטישע פעלדער, רײַסט זיך בא אים ארויס דער לײַדנשאפטלעכער ווונטש:

כ'וואָלט זיך אליין
אצינד פארקנאָטן
אין ערשטן פריילינגדיקן זיי.

זעט ער דאָס גליקלעכע לעבן, וואָס שטראָמט אזוי האסטיק אומעטום בא אונדז אין לאנד, דערוועקט זיך אין אים צוזאמען מיט דער פרייד א געפיל פון פאר־דראָס:

עס פּײַניקט מיך אומגעהויער
מײַן פארשווענדעטע מי פון אמאָל,
איך וואָלט איצט די זעלביקע מויערס
מיט אנדערע פארבן געמאָלט.

פאראנ אינ ראָסינס לידער פיל אָדע־געזאנג, הימנ און צארטע ליריק פארנ פאָטערלאנד, פאר ווײַסרוסלאנד זײַנ היים, פאר די סאָציאַליסטישע בויער, פארנ אײגענעם פולווערטיקנ לעבנ. ניט אומזיסט שליסט זיכ דאָס בוכ מיט דער ליד, וואָס איז אָנגעווייט פונ די לעצטע געשעענישנ אינ לאנד, ווענ דער עקלהאפטער סוינע האָט זיכ פארמאָסטנ אפ דאָס טײַערסטע בא אונדז. דער דיכטער דעקלארירט: „כ'האָב קיינמאָל אזוי גיריק ניט געלעבט"; „כ'בינ קיינמאָל אזוי וואכ ווי איצטער ניט געווענ"; „כ'האָב קיינמאָל אזוי פינקטלעכ אינ סוינע ניט געצילט".

---

באהאנדלענדיק דעמ פאָרלויפיקנ סאכאקל פונ ראָסינס ליריק (ראָסינ האָט, ווי באוווּסט, פארעפנטלעכט אויכ דעמ ערשטנ טייל פונ אנ עפּישער פּאָעמע), איז נייטיק אָפּשטעלנ זיכ אפ די פּראָבלעמעס, וואָס שטייענ פארנ דיכטער באזונדערס איצט. ראָסינס וועג פונ סימוואָליסטישע בלאָנדזשענישנ צו א פולקאָמנ רעאליסטישנ שאפונגס־מעטאָד האָט פארורזאכט די ספּעציפישקייט פונ זײַנ לירישער שטימ. זײַנ טעמאטישער שאפונגס־קרײַז איז א באגרענעצטער. ניט געקוקט אפנ פארברייטערטנ צוגאנג צו דער, אזוי גערופענער, ביִאָגראפישער טעמע, איז זי דאָכ באשרענקט אינ איר געשטאלטנ־פאראלגעמיינערונג.

מיר האָבנ געזענ די שעפערישע טראנספאָרמאציע, וואָס ראָסינ האָט געגעבנ זײַנ ביִאָגראפיע אינ די לידער (דער פערזענלעכער מאָטיוו וואקסט אריבער אינ א בירגער־מאָטיוו). מיר האָבנ בעקיוונ זיכ אָפּגעשטעלט אפ דער פּאָזיטיווער ראָל, וואָס דאָס האָט אָפּגעשפּילט אינ זײַנ דיכטונג, אינ זײַנ שעפערישנ וועג. עס איז אָבער שוינ אויכ קענטיק איצט די שטערונג, וואָס דאָס טראָגט מיט זיכ. ניט בלויז, וואָס די אָפּטע ווענדונג צו ביִאָגראפיע באגרענעצט זײַנ טעמאטישנ שאפונג־קרײַז, גאָר זי הויבט אויכ אָנ באפארבנ זײַנ לירישע שטימ. מיר וועלנ ברענגענ א בײַשפּיל פונ דער גלענצנדיקער ליד „אינ אָנהייב יאנואר", ווו דער דיכטער גיט זײַנע דיכטערישע געדאנקענ באמ פּושקינ־דענקמאָל. דער דיכטער גיט אונדז צו פילנ דעמ אראָמאט פונביידע עפּאָכנ—דער פּושקינישער און אונדזערער, דעמ ריזיקנ וווּקס פונ אונדזער סאָציאַליסטישער עפּאָכע.

אָניעגינ באהאלט זיכ
אינ טונקעלנ שאָטנ,
אינ אָפּגלאנצ פונ פײַער
דער קופּערנער רײַטער ווערט קליינ,
ווענ עס שטייט אופ איזאָטאָוו,
קאמאנינ, טשאפּײַעוו
און ביניע מײַנ ברודערס
צעווייעט געביינ...

דאָס הארצ ווערט באלאָדנ,
אינ קאָפּ ווערט געראמער,
איכ דערזע זיי, די העלדנ—
איז ווער פונ זיי גרעסער—
א ריז נאָכ א ריז

און איך בין מיט זיי דאָך
געוואַקסן צוזאַמען,
עס האָט אונדז איין מאַמע
געשטעלט אַף די פיס.

לייענענדיק די לירישּ־פּאַרטיפּסטע שורעס וועגן העלדן פון יענער צײַט און העלדן אַצינד, דערוועקט זיך אָבער בא אונדז די פראַגע: צו וואָס איז די לירישע לאַמענטאַציע „איך בין מיט זיי דאָך געוואָקסן צוזאַמען“? די הויפּט־אידיי פון ליד איז דאָך די פאַרגלײַכונג פון ביידע עפּאָכעס, פון וואָס עס דאַרף קלאָר ווערן דער ריזיקער פאַרנעם פון אונדזער עפּאָכע. דער לירישער איך־מאָטיוו איז אָט דער ליד איז בלויז אַ מיטל צו מאַכן אָנשוילעך, אינטים, ראָמאַנטיש־וואַרעם די הויפּט־אידיי. ער האָט בלויז אַ פונקציאָנעלע באַדײַטונג און טאָר ניט זײַן קיין זעלבסט־ציל. ראָסין אַקצענטירט אים אָבער (לויט אינערציע!) צו שטאַרק. און צום סאָף קומט שוין דעריבער גאָר ניט קיין פּאַסיקע ענדונג:

און פּושקין איז, דאַכט זיך,
מיר איצטער מעקאַנע—
ער קאָן ניט אַראָפּגיין
אַצינד אַף דער ערד...

אויב די ערשטע צוויי פעדזן שטרײַכן אונטער שטאַרק דעם איך־מאָטיוו, איז די לעצטע צוויי—פאַרפירן אינגאַנצן.

ראָסינען פעלט אויך אָפטמאָל קאָנקרעטע בילדערישקײַט. בא אים דאָמינירט אין אַ ריי לידער דער אַבסטראַקטער לויב־געזאַנג און עס פעלט די באַדנדיקע בילדערישקײַט פון דער געגעבענער טעמע. אַזוי, אַשטייגער, ווען ראָסין אַליין האָט געוואָלט געבן די סומע פון די געשטאַלטונגען אין זײַנע לידער, איז ער געצוווּנגען געווען אייניקע אָפּטיילן פון בוך אָנרופן מיט אַזעלכע הויל־סכעמאַטישע נעמען, ווי: „ליכטיקער אָנקום“, „פלאַקאַטן“, „אַף דער זון“. דער שוואַכסטער אָפּטייל איז טאַקע „פלאַקאַטן“, ווו דער דיכטער האָט ביכלאַל אויסגעמיטן וועלכע ס'איז אָנשוילעכע, אַזוי צוזאָגן, ספּעציפישע בילדערישקײַט. ראָסין האָט ניט געדאַרפט „פאַרייביקן“ אין בוך אַזעלכע לײַכטע נאָכמאַכונגען פון דער, אַזוי גערופענער, „פלאַקאַטישער“ פּאָעזיע, ווי אין די לידער „רוף“, „אין לעצטער אַטאַקע“, „מיר קומען צו גיין היינט“ אַ. אַנד. וואָס פאַרא „לעצטע אַטאַקע“ איז פאַראַן אין אַזעלכע, בלויז פלאַקאַטישצעוואָרפענע, שורעס, נאָר אָן פּאָליטישן פײַער, אָן אַקטועלער קאָנקרעטקײַט און קינסטלערישער נײַקײַט, ווי צום בײַשפּיל:

„איז אין אָנגריף
אַנטשיידן
און האַסטיק,
פינקטלעך—
דײַן יעטווידער שטויס—
מיליאָנען
ענטוזיאַסטן



פאָרויס,
פאָרויס,
פאָרויס!
פאָרויס,
פאָרויס
אָן ציטער
אָן וואקל—
דערטראָגנ דעם גליקלעכנ לאסט,
איכ אונ דו
אונ מיר אלע"
א. א. װ.

ראָסינס בילדערישקײט האָט אָבער אירע אָנ צוױיפלהאפטע מײַלעס. דאָס איז פּאָשעטקײט אונ קלאָרקײט. בא ראָסינען איז אויכ שטארק דער פאָלקס-עלעמענט. עס דערמאָנען זיכ די פאָלקסטימלעכ-באכײַנטע סטראָפעס פונ „בערל בעקער":

בערל בעקער ווייס, וואָס נויט איז
אונ עפעס נאָכ ווייס בערל גוט—
דערפאר האָט ער אזוי דערפרייט זיכ
מיט רויטנ שטערנ אפ זײַנ גרינעמ הוט...

אונ אָט איז אינ דעמזעלבנ גײַסט א טשאסטושקע, ווי פונ פאָלקס-מויל גענומענ:

אפ בריימנ עסעסרישע, אפ ווײַטע טראקטנ:
ווערט אופגיינ ווייצ, ווערט וואקסנ קאָרנ,—
ס'איז ערד שוינ אלעמענס געוואָרנ.

באזונדערס צייכענען זיכ אויס מיט זייער שפילעוודיקײט אונ מונטערנ רעאליסטישנ בילד ראָסינס נאטור- אונ אָפרו-לידער.

ראָסינ האָט פארעפנטלעכט פאר דער לעצטער צײַט א ריי לידער אינ דער פערי׳אָדיק. פונ זיי איז קענטיק, אז ער ברייטערט אויס דעמ האָריזאָנט פונ זײַנ ליד, קאָנצענטרירט אינ איר די בעסטע אייגנשאפטנ פונ זײַנ דיכטערישנ טאלאנט אונ גייט אפנ וועג פונ שאפנ א ליד א פּאָשעטע אונ קלאָרע אינ איר פאָרמ, א פּאָליטיש-פארשארפטע אינ איר אינהאלט.

א. ד.

די רעדאקציע פונ זשורנאל „שטערנ" דריקט אויס איר טיפנ טרויער איבערנ טויט פונעמ גרויסנ ייִדישנ סאָוועטישנ קינסטלער

## יעהודע פענ,

וועלכער איז אומגעקומענ פונ די הענט פונ מערדער אינ שטאָט וויטעבסק דעמ 28-טנ פעווראל 1937 יאָר.

די רעדאקציע פונ זשורנאל „שטערנ" טרויערט איבערנ טויט פונעמ ייִדישנ סאָוועטישנ שרײַבער, מיטארבעטער פונ זשורנאל „שטערנ"

## דאניִעל מארשאק,

וואָס איז געשטאָרבנ אינ מינסק דעמ 5-טנ מארט 1937 יאָר.

# אינהאלט



זײַט 24, שור...
זײַט 30, שור...
זײַט 36, שור...
זײַט 52 דאַר...
זײַט 112, ש...
זײַט 119, ש...

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר—איזי כאַריק.
רעדקאָלעגיע: ז. אַקסעלראָד, א. אָשעראָוויטש, י. בראָנשטיין, אָ. בער, אי. כאַריק, מ. קולבאַק, ל. ראָזענהויז.

גלאַווליטבעל נום. 96 דרוקערײַ א. נ. סטאַלין. באַשטעלונג 410.

## באמערקטע פעלערנ

זײַט 24, שורע 15 פונ אויבנ אָפגעדרוקט: דאָס איז געווענ אײנע
דארפ זײַנ: דאָס איז געווענ אײנער

זײַט 30, שורע 11 פונ אויבנ אָפגעדרוקט: אנערקענענ זײערע
דארפ זײַנ: אנערקענענ זײער

זײַט 36, שורע 2 פונ אויבנ אָפגעדרוקט: פארטײ־מיטגלידער, דעמ מארקסיזמ
דארפ זײַנ: פארטײ־מיטגלידער דעמ מארקסיזמ

זײַט 52 דארפ דאָס קעפל פונ ליד זיכ לײענענ: עס וואקסט קאָרנ

זײַט 112, שורע 17 פונ אונטנ אָפגעדרוקט: печадным
דארפ זײַנ: печальным

זײַט 119, שורע 6 פונ אונטנ אָפגעדרוקט: אָפצורײַסנ
דארפ זײַנ: אופצורײַסנ

ЗМЕСТ

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
## „Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.